# DI EKONOMISHE SHITEH FUN KARL MARKS

Gustav Gross

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

פערלאג "די פראלעטארישע וועלט".

# די עקאנאמישע שיטה

פון

# קארל מארקס

פון ד"ר ג. גראסס.

בעארבייט דורך י. ראטהויזער.

פרייז 8 קאפ.

ווארשא, תרס"ז.

"פערלאגס-דרוקעריי", ווארשא, פאנסקא 20.

1907.

ד״ר ג. גראסס.

# די עקאנאמישע שיטה פון קארל מארקס.

בעארבייט דורך

י. ראטהויזער.

פערלאג „די פראלעטארישע וועלט“.

ווארשא, תרס״ז.

---

**Ди экономише шите фунъ К. Марксъ,**

т. е. Популярный очеркъ объ экономической системѣ К. Маркса.

Соч. Д-ра Г. ГРОССА. Обработалъ И. РАТГАУЗЕРЪ.

„Издательская Типографія“, Варшава, Панская № 20.

1907.

I.

# די עקאנאמישע לעהרע פון קארל מארקס.

הויפּטזעכליך וועלען מיר דאָ רעדען וועגען „קאַפּיטאַל“, האָטש אין די פריהערדיגע חבורים פון מאַרקס, בעזונדערס אין דער בראָשורע: „די אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע“, קאָן מען שוין געפינען דאָס קערנדעל פון אַלע די אידעען, וועלכע זענען אין 20 יאָהר אַרום פיעלזייטיג און גענוי ערקלערט געוואָרען אין זיין הויפּט־ווערק: „קאַפּיטאַל“. וואָס אַנבעלאַנגט די בראָשורע: „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע“ איז זי נאָר אַ פאָרבערייטונג, אַ מין הקדמה צו זיין חבור „קאַפּיטאַל“. חוץ איינינע גרינדליכע היסטאָריש־דאָגמאַטישע ערקלערונגען, געפינט זיך דער גאַנצער אינהאַלט פון דער בראָשורע, אַ ביסעל אין אַנ'אַנדער פאָרם, אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון „קאַפּיטאַל“.

אויף דער נייער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע מאַרקס האָט גערופען „אַ וואולגאַרע“, האָט ער געקוקט מיט פעראַכטונג. אין אַלע זיינע אויספאָרשונגען צייכענט ער זיך אויס מיט אָריגינעלע געדאַנקען און זעלבסטשטענדיגע אורטיילען, ניט אומקוקענדיג זיך אויף די עקאָנאָמיסטען פון יענער צייט. דער איינציגער עקאָנאָמיסט, וועלכער האָט מיט איהם אַ שטיקעל גייסטיגען שייכות, איז ראָדבערטוס פאָן יאַגעטצעוו; נאָר זייערע ריכטונגען זענען אַזוי ווייט איינע פון דער אַנדערער, אַז עס קאָן גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגען דעם, אַז ראָדבערטוס זאָל האָבען אַ וויכטיגען איינפלוס אויף מאַרקס'ן. נאָר פונדעסטוועגען קאָן מען איהם רעכענען פאַר ראָדבערטוס'עס אַ תלמיד אָדער נאָכפאָלגער. די בלויזע מעטאָדע פון מאַרקס'ן איז שוין אייגענאַרטיג. אויספאָרשענדיג די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער לעהרע, בעזונדערס ביי דעם בעשלוס פון זיין ווערט־טעאָריע, האַלט ער זיך שטרענג ביי דער אַבסטראַקטישער מעטאָדע. מאַרקס מיינט, אַז דער בעגריף וועגען ווערט איז דער

יסוד פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. און פאָרלויפיג איז נאָך אָט דער בעגריף ניט גענוג אויסגעפאָרשט, ניט גוט בעגרינדעט. אין דער הקדמה צו'ם „קאַפּיטאַל“ זאָגט מאַרקס: „די ווערט, וועלכע ערשיינט אין דער פאָרם פון געלד, איז זעהר אָרעם אין איהר אינהאַלט און זעהר פשוט. פונדעסטוועגען האָט דער מענשליכער פערשטאַנד אין אַ משך פון 2000 יאָהר בחנם זיך געמאַטערט זי צו פערשטעהן, האָטש אַ סך שווערערע און רייכערע פאָרמען זענען איהם פיעל־וועניג יאָ געלונגען. פאַר וואָס איז דאָס? דאָס איז דעריבער, ווייל אַנ'ענטוויקעלטען קערפער קאָן מען אַ סך לייכטער ערלערנען, ווי אַ צעלע; חוץ דעם, קאָן מען זיך ביי עקאָנאָמישע אויספאָרשונגען ניט בענוצען מיט קיין מיקראָסקאָפּען און נאָך אַזעלכע כלים און דעריבער מוז מען בענוצען די אַבסטראַקציאָנס־קראַפט. וואָס אַנבעלאַנגט דאָס סיסטעם, מיט וועלכען מאַרקס בענוצט זיך אין זיין ווערק „קאַפּיטאַל“, דאַרף מען צוגעבען, אַז אין משך פון דער צייט, ווען ער האָט געשריבען זיין בראָשורע: „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע“ ביז דאַמאָלס, ווען ער האָט אַרויסגעגעבען דעם „קאַפּיטאַל“, איז אין מאַרקס'ס מיינונגען פאָרגעקומען אַ שטיקעל ענדערונג. לויט זיין פאָררעדע צו דער בראָשורע: „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע“, האָט ער דאַמאָלס סיסטעמאַטיזירט די „געזעלשאַפטליכע עקאָנאָמיע“ אין פאָלגענדער אָרדנונג: קאַפּיטאַל, ערד־איינענטום, אַרבייטס־לויהן, דערנאָך — די מלוכה, אויסערליכער האַנדעל און אַלוועלטליכער מאַרק. ער האָט גערעכענט צוטיילען זיין אויספאָרשונג וועגען די דריי גרויסע עקאָנאָמישע קלאַסען (ערד־בעזיצער, קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער) לויט דעם אַנטייל, וואָס יעדערער נעהמט אין דער פאָלקס־ווירטשאַפט. חוץ דעם האָט מאַרקס גערעכענט, אַז מען קען סיסטעמאַטיזירען די עקאָנאָמישע ערשיינונגען לויט דעם, צי זיי נעהמען אַרום נאָר איין לאַנד, אָדער די גאַנצע ווירטשאַפטליכע וועלט. די איינזייטיגקייט פון אַזאַ מין גרופּירונג וואַרפט זיך אין די אויגען, האָטש מען קען נישט אָפּלייקענען, אַז זי איז זעהר אָריגינעל. האַלטענדיג די ווי־סענשאַפטליכע מאַטעריאַלען שטרענג אין אַזאַ סדר, וואָלט איהם אויסגעקומען צוזאַמען שטעלען אַזעלכע זאַכען, וועלכע קענען נישט ווערען צוזאַמענגענומען און צוטיילען אַזעלכע זאַכען, וועלכע זענען לויט זייער אינערליכען אינהאַלט איינאַרטיג. מאַרקס האָט דאָס אַ פּנים

טאַקי פערשטאַנען און דעריבער געפינען מיר אין „קאַפּיטאַל" אַ גאַנץ אַנדערען סדר. ער געהט אַרויס פון דעם שטאַנד־פּונקט, אַז דער קאַפּיטאַל, אַלס פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָר האָט אין אָנפאַנג אונבעגרענצט געהערשט אין דער ווירטשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן, און דעריבער, מיינט ער, קען מען גרופּירען אַלע עקאָנאָמישע ערשיינונגען אַרום דעם קאַפּיטאַל אין אַלע זיינע ערשיינונגען און פונקציעס. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז זיין לעהרע איז באמת אַ ברייטע לעהרע וועגען דעם קאַפּיטאַל, וועלכע נעהמט אַגב אויך אַרום אויספאָרשונגען וועגען ערד־אייגענטום און אַרבייטס־לויהן.

דאָס גאַנצע ווערק האָט געזאָלט זיין צוטיילט אויף דריי טיילען (אָדער פיער ביכער), אין וועלכע ער האָט געוואָלט בעטראַכטען דעם פּראָצעס, ווי דער קאַפּיטאַל ווערט בעשאַפען. דעם פערקעהר פון קאַפּיטאַל און דעם אַלגעמיינעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון אָט די ביידע פּראָצעסען (2־טער און 3־טער בוך). דאָס פיערטע בוך, וועלכעס איז שוין ניט אין אַלגעמיינעם סדר, האָט געזאָלט ענטהאַלטען די געשיכטע פון דער טעאָריע. דער ערשטער טייל, וועגען וועלכען מיר וועלען דאָ רעדען, בעטראַכט, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, דעם פּראָצעס, ווי עס ווערט בעשאַפען דער קאַפּיטאַל.

זיין אויספאָרשונג הויבט מאַרקס אָן פון דעם בעגריף וועגען ווערטה, וועלכע איז דער יסוד פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. ער בעגרינדעט זיין ווערטה־טעאָריע קודם־כל פון דעם שטאַנד־פּונקט, אַז די געברויכס־ווערטה און די טויש־ווערטה האָבען ניט נאָר קיין שום שייכות צווישען זיך, נאָר זיי זענען זאָגאַר ווי נעגענזעצליך.

סחורה הייסען נאָר אַזעלכע פּראָדוקטען, וואָס זענען בעשטימט געוואָרען צום אויסטויש. אויב אַ מענש אַרבייט אויס פּראָדוקטען פאַר זיין אייגענעם געברויך, ווי, למשל, דער פאַרצייטיגער פויער, הייסען זיי ניט סחורה. דער אויסטויש איז נאָר דאַמאָלס מעגליך, ווען דער פּראָדוקט קען בעפרידיגען וועמעס עס איז בעדערפענישען. קיינער וועט ניט אויסטוישען זיין פּראָדוקט אויף אַן־אַנדערען אויב דאָס איז פאַר איהם ניט נוצליך. הייסט עס, אַז דער פּראָדוקט מוז פריהער זיין אַ נוצליכע זאַך, ער מוז אין זיך ענטהאַלטען אַ *געברויכס־ווערטה*. די געברויכס־ווערטה שטאַמט פון די פיזישע אייגענשאַפטען פון דעם פּראָדוקט. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז

די געברויכס-ווערטה איז ניט קיין אייגענשאפט נאר דוקא פון סחורות. עס עקזיסטירען אויך אזעלכע זאכען, וועלכע האבען געברויכס-ווערטה און זענען זעהר ניצליכע זאכען, נאר קיין סחורות, פערשטעהט זיך, און זענען דאך ניט קיין סחורות, למשל: לופט, וואסער אין קוואל. זענען זיי ניט, ווייל קיינער וועט זיי ניט קויפען, דען זיי ענטהאלטען אין זיך ניט קיין מענשליכע ארבייט. וואס מעהר עס וואקסט אויס דער אויסטויש, אלץ מעהר בעמערקען מיר, אז אין דעם אויס-טויש-פראצעס ליגען עפעס געוויסע בעציהונגען, וועלכע האבען א בעשטימטע נארמע. אט די בעציהונגען, אין וועלכע עס שטעהען די צוויי זאכען, וואס ווערען אויסגעטוישט, הייסען טויש-ווערטה.

„די ניצליכקייט פון דער זאך מאכט זי פאר א געברויכס-ווערטה. אט די ניצליכקייט הענגט ניט גלאט אין דער לופט, זי ליגט אין די אייגענשאפטען פון דעם קערפער אליין. די אייגענשאפטען זענען ניט אבהענגיג פון דעם, צי האט מען דארויף פערברויכט א סך מענשליכע ארבייט צי ווייניג. די צאהל פון די געברויכס-ווערטהען בעשטימען דאס רייכטום פון דער געזעלשאפט. דער חלוק צווישען צוויי געברויכס-ווערטען איז דער חלוק אין אינהאלט פון די זאכען, לויט די בעדערפענישען, וועלכע זיי שטעלען צופריעדען. ווען מיר רעדען וועגען ווערטען, שטעלען מיר זיך פאר א געוויסע צאהל אדער מאס, ווי למשל, א טוץ זייגערס, אן ארשין לייווענד, א פוד אייזען א. ז. וו., ד. ה., מיר בעקומען נאר דאמאלס א בעגריף וועגען די גרויס פון דער געברויכס-ווערט, ווען מיר האבען אין זין א בעשטימטע צאהל פון וועלכע עס איז זאך. די געברויכס-ווערט איז דאס מאטעריעלע הייטעל, דורך וועלכע עס דריקט זיך אויס די טויש-ווערט. די טויש-ווערט, ווייטער, ערשיינט נאר אלס א צאהל-פערהעלטניס, א פראפארציע, אין וועלכער איין מין געברויכס-ווערט טוישט זיך אויס אויף א געברויכס-ווערט פון אנאנדער מין. אט די פראפארציע ענדערט זיך לויט דעם ארט און לויט דער צייט".

ווען מיר נעהמען צווייערליי מינים סחורה, למשל, ווייץ און אייזען, איז, וואס פאר א טויש-בעציהונג עס זאל ניט זיין צווישען זיי, ד. ה., ווי טייערער איינס זאל ניט זיין פאר דעם צווייטען, קאן מען דאך בעשטימען, וואס פאר א סכום ווייץ וועט מען קאנען אויסטוישען אויף א געוויסען סכום אייזען. למשל, א קווארט ווייץ טרעפט אן וויפיעל א פוד אייזען. וואס בעווייזט אונז דאס

פערגלײַכען? — אַז אַ גלײַכע זאַך ליעגט אין די דאָזיגע בײַדע זאַ־
כען, אין דער קוואָרט ווייץ און אין דעם פוּד אײַזען. הײסט דאָס,
אַז יעדע זאַך בעזונדער איז גלײַך צו אַ מין דריטע זאַך, וואָס איז
ניט קײן ווייץ און ניט קײן אײַזען. יעדע זאַך פון די דאָזיגע בײַדע
קאָן ווערען פערוואַנדעלט, אויף וויפיעל זי איז אַ טויש־ווערט, אין
עפּעס אַ דריטע זאַך. וואָס איז, אַלזאָ, אַזעלכעס דאָס דריטע? לויט
מאַרקס'ן איז דאָס די מענשליכע אַרבײַט. נאָר אַ דאַנק דער אַר־
בײַט, וואָס דער מענש לעגט אויף דער זאַך, בעקומט די סחורה
אַ טויש־ווערט. די טויש־ווערט אַליין איז נאָר אַ „קריסטאַליזירטע,
פערגליווערטע מענשליכע אַרבײַט". אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז
די ווערט פון יעדער סחורה איז בעשטימט לויט דעם, וויפיעל מענש־
ליכע אַרבײַט מען האָט אויף איהר געלעגט; די אַרבײַט אַליין ווערט
אויסגעמאָסטען לויט דעם, וויפיעל צײַט מען האָט אויף איהר פער־
בראַכט. אויף אַזאַ אופן הײסט דאָס, אַז די פּראָדוקציאָנס־ווערט
פון יעדער סחורה איז אַזוי גרויס, וויפיעל אַרבײַטס־צײַט מען האָט
פערבראַכט אויף איהר. פון דעם דאַרף מען נאָך ניט אַרויסנעה־
מען, אַז וואָס פוילער און אונפעהיגער דער אַרבײטער איז, וואָס
מעהר צײַט ער האָט פערבראַכט אויף צו בעשאַפען וועלכען
עס איז פּראָדוקט, אַלץ מעהר ווערט זאָל זײַן דער פּראָדוקט. מיר
רעדען ניט וועגען אײנצעלנע פעלע, נאָר בכלל וועגען דער צאָהל
אַרבײַט, וואָס מען מוז האָבען, כדי צו בעשאַפען די זאַך, ד. ה.
*די דורכשניטליכע, געזעלשאַפטליכע אַרבײַטס־
קראַפט*, דעריבער איז די ווערט פון דער סחורה ניט אַזוי גרויס,
לויט דעם, וויפיעל אַרבײַטס־צײַט דער אַרבײטער האָט אויף איהר פער־
בראַכט, נאָר לויט דעם, וויפיעל מען מוז האָבען *דורכשניט־
ליכע, געזעלשאַפטליך־נויטווענדיגע אַרבײַטס־צײַט*.
נאָר זי בעשטימט די ווערט פון דער סחורה, וועלכע איז בעשאַפען
געוואָרען דורך אַרבײַט. יעדע סחורה, אַזוי אויך יעדע ווערט איז אַ
*געוויסע צאָהל „פערגליווערטע אַרבײַטס־צײַט"*.

די ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין דער פּראָדוקטיוויטעט
פון דער אַרבײַטס־קראַפט, רופען אויך אַרויס ענדערונגען אין דער ווערט
פון דער סחורה, לויט דעם אָרט און דער צײַט, ד. ה. ווען די
פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבײַטס־קראַפט ווערט גרעסער, ווערט

ממילא קלענער די ווערט פון דער סחורה, ווייל מען דאַרף שוין ווייניגער אַרבייטס-צייט אום צו בעשאַפען די סחורה.

די מענשליכע אַרבייט אַליין איז אויך ניט אַלע מאָל גלייך, עס איז פאַרהאַן אַזאַ אַרבייט, וועלכע בעשאַפט טייערע פּראָדוקטען, ווי, למשל, אַזעלכע אַרבייטען, וועלכע זענען פערפלאָנטערט, פיעל-זייטיג. טייל אַרבייטען זענען פשוט'ע און בעשאַפען ווייניגער ווערט. דער טויש האָט אַ געזעלשאַפטליכע עקאָנאָמישע בעדייטונג, ווייל דאַמאָלס ווען מען טוישט אויס איין זאַך אויף דער צווייטער, נעהמט מען אין אַכט דעם חלוק אין דעם אינהאַלט פון די ביידע זאַכען, ד. ה., מען שאַצט אָב, אויף וויפיעל דער אינהאַלט פון איין זאַך איז רייכער פאַר דעם אינהאַלט פון דער צווייטער זאַך. אָט דער חלוק צווישען די זאַכען, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען דורך מענש-ליכע אַרבייט, איז דער יסוד פון דעם אונטערשיעד צווישען דער מענשליכער אַרבייט. ווען, למשל, דער אינהאַלט פון דעם פּראָ-דוקט, וואָס ראובן האָט אויסגעאַרבייט, איז רייכער פאַר דעם אינהאַלט פון דעם פּראָדוקט, וואָס שמעון האָט אויסגעאַרבייט, בעווייזט דאָס, אַז זייערע ביידע אַרבייטען זענען ניט גלייך. און כדי מען זאָל קאָנען בעשטימען די ווערט פון אַ פּראָדוקט לויט דער אַרבייט, וואָס ליעגט אין איהם, מוז מען אויסגלייכען אַלע אַרבייטען אויף איין נאָרמע, „צו דער געוועהנליכער אַרבייטס-קראַפט, וועלכע געפינט זיך אין אַ מענשען, אָהן שום פאַרבעדייטונגען". אָט די דאָזיגע אויס-גלייכונג בעגלייטעט שטענדיג דעם טויש-פּראָצעס. די סחורה, צו וועלכער מען מוז געברויכען אַ שווערערע, פערוויקעלטערע אַרבייט, ווערט אויסגעטוישט אויף אַ געוויסע צאָהל סחורה, צו וועלכער מען האָט געברויכט פשוט'ע אַרבייט. אַלס אַבסטראַקטע מענשליכע אַר-בייט בעשאַפט די אַרבייט די ווערט פון דער סחורה, אַלס קאָנקרעטע אָבער, בעשאַפט די נוצליכע אַרבייט אין פערשיעדענע פאָרמען דעם אָנהויב פון דער געברויכס-ווערט. אַם-בעסטען ווערט אויסגעדריקט די ווערט פון וואָסער עס-איז סחורה, ווען מיר שטעלען זי ענט-געגען אַן'אַנדערע סחורה. אַזאַ אויסדרוק פון ווערט רופט מאַרקס אָן: „איינפאַך" אָדער „צופעליג". אין אַזאַ מין איינפאַכען ווערט-אויסדרוק, ווי, למשל, 20 אַרשין לייווענד — 1 מאַנטעל (ד. ה., אַז 20 אַרשין לייווענד האָבען די אייגענע ווערט, ווי 1 מאַנטעל), שטעהען ביידע סחורות צווישען זיך אין פערשיעדענע בעציהונגען.

די ערשטע סחורה, ד. ה., די לײַוועגד, וועלכע דריקט אויס איהר ווערט אין דער אַנדערער סחורה, ד. ה., אין דעם מאַנטעל, שטעלט פאָר לויט מאַרקס'ן די פערהעלטניס־מעסיגע ווערט־פאָרם; די אַנדערע סחורה, ד. ה., דער מאַנטעל, צו וועלכען מען גלײַכט־צו די ערשטע סחורה, ד. ה., די לײַוועגד, שטעלט פאָר די עקוויוואַלענט*) ווערט־פאָרם. אין דער פערהעלטניסמעסיגער ווערט־פאָרם ערשײַנט די סחורה אַלס אַ געברויכס־ווערט, וועלכע דריקט אויס איהר טויש־ווערט אין אַ קאָנקרעטע סחורה, אין דער עקוויוואַלענט־פאָרם. אָט די דאָזיגע אַנדערע סחורה ערשײַנט אַלס אַ טויש־ווערט. די גרויס פון דער ווערט פון יעדער סחורה איז לויט דעם, וויפיעל מען דאַרף האָבען פשוט'ע, געוועהנליכע אַרבײַט אויף דער אויסאַרבייטונג פון דער סחורה, נאָר די ווערט ווערט ניט אויסגעדריקט אין אַזאַ פאָרם. מען זאָגט ניט, למשל, דער מאַנטעל איז ווערט 40 שעה אַרבײַט, נאָר, דער מאַנטעל איז ווערט 20 אַרשין לײַוועגד אָדער 10 גראַם גאָלד.

דער מאַנטעל אַליין פאַר זיך איז נאָך ניט קיין סחורה. ער ווערט ערשט דאַמאָלס אַ סחורה, ווען איך וויל איהם אויסטוישען אויף אַן'אַנדער זאַך. דעריבער ווערט ניט אויסגעדריקט די ווערט פון דער סחורה, כל זמן איך פערגלײַך ניט די סחורה צו דער ווערט פון דער אַנדערער סחורה, וועלכע איך וויל בעקומען. אין די אַלטע צײַטען פלעגט מען זעלטען ווען אויסטוישען איין סחורה אויף דער אַנדערער. דאַמאָלס האָט מען געשטעלט איין סחורה נאָר געגען איינער, למשל, אַ האַמער — 20 פונט שטיין־זאַלץ, דאָס איז די איינפאַכע פאָרם. די איינפאַכע ווערט־פאָרם האָט אָבער דעם חסרון, וואָס זי דריקט אויס די טויש־ווערט פון דער סחורה איינצעל, נאָר אין איין סחורה, אָנשטאָט אויסצודריקען די גלײַכהײַט פון דער סחורה סײַ אין אינהאַלט, סײַ אין דעם סכום, צו אַ סך אַנדערע סחורות. ווען אָבער דער טויש הויבט אָן צו ווערען אַ שטענדיגע ערשײַנונג, בעקומט שוין די ווערט אַ גאַנץ אַנדערע פאָרם, ווי, למשל, 1 מאַנטעל — 20 אַרשין לײַוועגד, ווי אַ שווערד, אַ קרוג א. ז. וו. אָט די ווערט־פאָרם רופט מאַרקס אָן: „ענטוויקעלטע ווערט־פאָרם".

*) עקוויוואַלענט איז אַ לאַטייניש וואָרט, וועלכער בעדייטעט גלייך־ווערטה.

דער הויפּט־חלוק צווישען די ביידע פאָרמען בעשטעהט אין דעם, וואָס ביי דער איינפאַכער פאָרם, ווען איך זאָג, אַז אַ האַמער — 20 פונט זאַלץ, איז דאָס נאָר צופעליג, אין דער פונאַנדערגעוויקעלטער פאָרם ערשיינט שוין אַלץ מעהר דער יסוד, וועלכער בעווייזט די צופעליגקייט פון טויש.

יעצט איז קלאָר, אַז „ניט די טויש־בעציהונגען רעגולירען די גרויס פון דער ווערט, נאָר, פערקעהרט, די גרויס פון דער ווערט רעגולירט די טויש־בעציהונגען".

די וואַרען־פּראָדוקציאָן וואַקסט אַלץ מעהר און ממילא פערגרעסערט זיך די צאָהל פון די פּראָדוקטען, וועלכע ווערען אויסגעטוישט. דאָ ווערט שוין די ענטוויקעלטע ווערט־פאָרם אויך ניט גענוג, וויַיל זי דריקט אויס די ווערט אין אַנדערע זאַכען אָהן אַ שיעור און אָהן אַ סוף. דאַמאָלס וואַקסט אויס די „אַלגעמיינע ווערט־פאָרם". מען שטעלט זיך אָב אויף איין סחורה, וועלכע ווערט אַם מעהרסטענס געבריכט, און אַלע אַנדערע סחורות דריקען אויס זייער ווערט אין אָט דער סחורה, למשל, ווען אָקסען זענען די נוייטיגסטע סחורה, ווערט די ווערט פון יעדער סחורה בעשטימט לויט זיי. מען זאָגט: „20 אַרשין לייוועגד — איין אָקס", אָדער „איין האַמער — אַ פערטעל אָקס". דאַמאָלס דריקען די סחורות אויס זייער ווערט פשוט אין איין סחורה און שטענדיג אין דער איינענער סחורה. די דאָזיגע פאָרם איז איינפאַך און געזעלשאַפטליך, און דעריבער הייסט זי: „די אַלגעמיינע פאָרם". ווען איין סחורה ווערט שוין אָנגענומען אויף אַלע מאָל פאַר דער ווערט־מאָס פון אַלע סחורות, ווערט שוין די סחורה אַ געלד־סחורה און קורסירט אַלס געלד. די סחורה שפּיעלט די ראָלע אויף דעם וועלט־מאַרק אַלס אַ אַלגעמיינע ווערט־מאָס, און אויף אַזאַ אופן ערדייכען מיר די לעצטע און פאָלקאָמענסטע ווערט־פאָרם, דאָס איז, די געלד־ווערט־פאָרם.

צוויי פּראָדוקטען ווערען אויסגעטוישט לויט זייער טוישווערט, דער הויפּט־האַראַקטער פון דער סחורה, ד. ה., פון דעם אַרבייטס־פּראָדוקט, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען צום פערקעהר, בעשטעהט אין דעם, וואָס פאַר זיין בעל־הבית האָט ער ניט קיין געברויכס־ווערט, ד. ה., פאַר זיין אייגען געברויך בע־

דאַרף ער איהם ניט, פאַר איהם איז ער אויף אַזוי פיעל וויכטיג, אויף וויפיעל ער ענטהאַלט אין זיך טויש־ווערט.

וואָס מעהר עס וואַקסט אויס דער טויש־פּראָצעס, אַלץ מעהר בילדעט זיך אויך די זעלבסטשטענדיגע ווערט־פאָרם, זי דריקט זיך אויס אַלע מאָל אין אַנ׳אַנדערער סחורה. ווען די ווערט שטעלט זיך אָב אויף איין סחורה, ווערט זי קריסטאַליזירט אין דער פאָרם פון געלד. פריהער קומט דער טויש פאָר נאָר אין בעשטימטע גרענעצען, מען טוישט אויס איין סחורה נאָר אויף דער, וועלכע מען דאַרף האָבען. ווען אָבער דער טויש צורייסט די קייטען, וועלכע בעגרענצען זיין טהעטיגקייטס־ספערע, און וואָס מעהר די וואַרען־פאָרם פון דער דאָזיגער ווערט בעקומט די בעדייטונג פון אַבסטראַקטע מענשליכע אַרבייט, אַלץ מעהר געהט איבער די געלד־פאָרם צו די איידעלע מעטאַלען. פאַר וואָס טאַקי ערפילען די מעטאַלען די פונקציאָן פון געלד, ערקלערט זיך דערמיט, ווייל זייער אינהאַלט ענדערט זיך קיינמאָל ניט און ווייל זיי קאָן מען גענויער צוטיילען.

אויף אַזאַ אופן ווערט דאָס גאָלד די אַלגעמיינע געלד־מאָס, און נאָר אַ דאַנק דעם ווערט דאָס גאָלד — געלד. דאָס גאָלד ווערט געמאָסטען לויט די וואָג, ד. ה., די ווערט פון אַ סחורה דריקט זיך אויס אין אַ געוויסע צאָהל גאָלד, למשל, אַ פוד ווייץ איז ווערט 3 גאָלדענע רובל. דער פּרייז פון אַ סחורה איז איהר ווערט, וועלכע איז אויסגעדריקט אין גאָלד, „דער פּרייז איז דער געלד־נאָמען פון דער אַרבייטער־צייט, וואָס ליעגט אין דער סחורה". האָטש מאַרקס בעטראַכט דעם פּרייז נאָר אַלס אַ פאָרם, אין וועלכער עס ערשיינט די ווערט און וועלכע הענגט אָב נאָר פון דער צאָהל אַרבייטער־צייט, וואָס מען האָט פערבראויכט אום צו בעשאַפען די סחורה, פונדעסטוועגען איז ער מודה, אַז עס קאָן זיך אַמאָל טרעפען, די צאָהל פון דעם פּרייז זאָל ניט זיין גלייך מיט דער גרויס פון דער ווערט. די „מעגליכקייט" איז גאַנץ פערשטענדליך ביי דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, אין וועלכען די ווירקונג פון די פּראָדוקציאָנס־געזעצען איז נאָך נישט בעשטימט. דערפון, וואָס געלד דיענט אַלס מאָס פון דער ווערט און פּרייז פון יעדער סחורה, קומט שוין ממילא אויך אַרויס זיין אַנדערע פונקציאָן — אַלס פערקעהרס־מיטעל, דורך וועלכען עס קומט פאָר דער טויש־פּראָצעס און דער איבערגאַנג פון דער סחורה פון איין בעל־הבית צום צווייטען. איין בעל־הבית פער-

קויפט זיין סחורה, וועלכע ער אַליין דאַרף ניט פאַר זיין געברויך, און פאַר דעם געלד, וואָס ער בעקומט, קויפט ער זיך אַנאַנדערע סחורה, וועלכע ער בעדאַרף אַליין האָבען. דעם פּראָצעס פון דעם סחורה־פערקעהר קאָן מען אויסדריקען אין דער פאָרמולע: סחורה — געלד — סחורה. ער האָט סחורה, וועלכע ער פערקויפט פאַר געלד, און פאַר דעם געלד קויפט ער זיך אַנאַנדער סחורה. ווייל דער ערשטער טהייל פון דער פאָרמולע: סחורה—געלד, האָט שוין אין זיך דעם אַנדערן טהייל פאָרמולע אויך: געלד—סחורה (ווייל, אויב, למשל, ראובן האָט אַ מין סחורה, וועלכע ער אַליין דאַרף נישט, פערקויפט ער איהר שמעונ'ען, וועלכער דאַרף זי יאָ, הייסט דאָס, אַז ראובן האָט פערקויפט זיין סחורה פאַר געלד: סחורה—געלד; שמעון, ווייטער, האָט פאַר געלד געקויפט די סחורה, ד. ה., געלד— סחורה), איז ממילא אין דעם ערשטען טהייל פון דער פאָרמולע אַליין אויך שוין אָנגעצייכענט דער וועג פון דעם סחורה־פערקעהר.

עס פערשטעהט זיך, אַז ביידע טהיילען פון דער פאָרמולע, ד. ה. סחורה—סחורה, וועלכע זענען צוגעגלייכט צו דער מיטעלער פאָרם, ד. ה., צום געלד, מוזען צווישען זיך אויך זיין גלייך. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז איין סחורה־ווערט קומט צום סוף צוריק צו איהר ערשטען אָרט אין דער פאָרם פון דער אַנדערער סחורה. אין דעם דאָזיגען פּראָצעס מאַכען די סחורות נאָר אַ רונד־רייזע. גאַנץ אַנדערש איז אָבער מיט דעם געלד, דאָס געלד קומט שוין ניט צוריק צו זיין ערשטען בעל־הבית, נאָר וואָס מעהר די סחורות געהען אַרום, אַלץ מעהר דערווייטערט זיך דאָס געלד פון ערשטען אָרט, עס געהט פון האַנד צו האַנד און אַזוי אַרום מאַכט עס דעם פערקעהר־פּראָצעס. די סחורות טרעטען אַלע מאָל אַרויס פון פערקעהר און ווערען פערברויכט, דאָס געלד אָבער געפינט זיך שטענדיג אין בעוועגונג.

פון וואָס העננט אָב די צאָהל פון געלד, וואָס געפינט זיך אין פערקעהר? וואַרשיינליך פון דעם סכום פרייזען, ד. ה., וויפיעל סחורות מיט געוויסע פרייזען דאַרפען ווערען פערקויפט פאַר געלד; דער דאָזיגער סכום העננט ווייטער אָב פון די גרויס פון דעם סחורה־פרייז און פון דעם, וויפיעל סחורה עס געפינט זיך אין פערקעהר. וואָס העכער עס זענען די פרייזען פון דער סחורה, אַלץ מעהר געלד געהט אַרום, און וואָס קלענער די פרייזען זענען, אַלץ

ווענִיגֶער גֶעלד גֶעהט אַרוּם. דִי גרוֹיס פוּן אָט דֶער סוּמֶע הֶענגט אוֹיךְ אָב פוּן דֶעם, ווִי גִיךְ דָאס גֶעלד מַאכט דֶעם פֶערקֶעהר: וואָס גִיכֶער עֶס אִיז דֶער פֶערקֶעהר פוּן גֶעלד, אַלץ מֶעהר אוּמזאַצֶען קָאן מַאכֶען אֵיינֶע אוּן דִי זֶעלבֶּע מטבע אוּן אַלץ ווענִיגֶער גֶעלד דאַרף מֶען הָאבֶּען אִין פֶערקֶעהר. אוֹיף אַזאַ אוֹפן קוּמט מאַרקס פוּנקט צוּ אַ פֶערקֶעהרטֶען בֶּעשלוּס, ווִי דִי בֶּעוואוּסטֶע גֶעלד-טֶעאָריֶע. עֶר בֶּעשטֶעטִיגט, אַז דִי פּרַייזֶען פוּן דִי סחוֹרוֹת הֶענגֶען קֵיינמָאל נִיט אָב פוּן דֶעם סכוּם פוּן דִי פֶערקֶעהרס-מִיטלֶען, נָאר, פֶערקֶעהרט, דִי צאָהל פוּן דִי פֶערקֶעהרס-מִיטלֶען הֶענגט שטֶענדִיג אָב פוּן דִי פּרַייזֶען צוּזאַמֶען מִיט דֶער ווירקוּנג פוּן אַנדֶערֶע פאַקטאָרֶען.

פאַר דֶעם האַנדֶעל אִיז אָבֶּער גֶעוועֶן זֶעהר נִיט בֶּעקוועֶם, ווען מֶען האָט אַלֶע מָאל בַּיי יֶעדֶער קִניה גֶעמוּזט בֶּעשטִימֶען דִי וואָג פוּן יֶעדֶעם שטִיקֶעל מֶעטאַל, ווֶעלכֶעס האָט גֶעדִיענט אַלס גֶעלד. דָאס אִיז בֶּעזַייטִיגט גֶעוואָרֶען דוּרכדֶעם, וואָס מֶען האָט בֶּעשטִימט אַ גֶעווִיסֶע וואָג פאַר יֶעדֶעם שטִיקֶעל מֶעטאַל. דָאס האָט בֶּעשטִימט דִי רֶעגִירוּנג, זִי האָט עָרב גֶעוועֶן פאַר דֶער אֶמת'ער וואָג פוּן דֶעם שטִיקֶעל מֶעטאַל. אִין יֶעדֶער מלוּכה האָט דָאס שטִיקֶעל מֶעטאַל, ווֶעלכֶעס האָט גֶעהאַט אוֹיף זִיךְ דִי התימה פוּן דֶער רֶעגִירוּנג, גֶעדִיענט אַלס גֶעלד אִין דֶער פאָרם פוּן אַ מטבע, ווֶעלכֶע שטֶעלט פאָר אַ גֶעווִיסֶען סכוּם גאָלד. נָאר פוּנדֶעסטוועגֶען אִיז זִי גֶעוועֶן אָבּהֶענגִיג פוּן דֶעם אוֹיטאָרִיטֶעט פוּן דֶער מלוּכה. אוֹיפ'ן ווֶעלט-מאַרק, אָבֶּער, פֶערלִיערט דִי מטבע אִיהר אֵיינגֶענשאַפט אַלס אַ מטבע, זִי גֶעהט אַרוּם נָאר אַלס גאָלד. אוּן אַזוֹי ווִי דִי מטבעות האָבֶּען אִין זִיךְ נִיט דִי רִיכטִיגֶע סוּמֶע גאָלד, וויִפִיעל זֵיי דאַרפֶען בֶּאֱמת האָבֶּען, ווַייל זֵיי נוּצֶען זִיךְ אָב אָדֶער ווַייל מֶען פאַלסִיפִיצִירט זֵיי, דֶערִיבֶּער בֶּענוּצט מֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם אָרט פוּן גאָלד מִיט פאַפִּירֶען אָדֶער אַנדֶערֶע צֵייכֶען פוּן פֶערשִידֶענֶע מֶעטאַלֶען; אוֹיף אַזאַ אוֹפן וואַקסֶען אוֹיס דִי קלֵיינֶע מטבעות אוּן דָאס פאַפִּירֶען-גֶעלד. דִי סוּמֶע פוּן דִי פאַפִּירֶען, ווֶעלכֶע קוּרסִירֶען יֶעצט אוֹיף דֶעם ווֶעלט-מאַרק, זֶענֶען אוֹיסגֶערֶעכֶענט לוֹיט דֶעם, וויִפִיעל אֱמת'ֶע פֶערקֶעהרס-מִיטלֶען וואָלטֶען בֶּעדאַרפט זַיין.

בִּיז אַהֶער האָבֶּען מִיר בֶּעטראַכט דָאס גֶעלד אַלס ווֶ ע ר ט - מ אָ ס אוּן אַלס פ ֶ ע ר ק ֶ ע ה ר ס - מ ִ י ט ֶ ע ל, נָאר וואָס מֶעהר עֶס פֶערגרֶעסֶערט זִיךְ דֶער סחוֹרה-פֶערקֶעהר, אַלץ מֶעהר עֶנטווִיקֶעלט זִיךְ

דער השק אָנצוזאַמלען די געלד־סחורה. געלד ווערט די גרעסטע קראַפט, יעדער נויטיגט זיך דערין, און פאַר געלד קאָן מען אַלץ קויפען. דער בעל־הבית פון דער סחורה פערקויפט זי ניט, כדי ער זאָל קויפען אַנדערע, נאָר כדי ער זאָל אָנזאַמלען געלד, אַ רייכטום.

דער דאָזיגער פראָצעס קומט פאָר ניט נאָר ביי די פעלקער, וועלכע שטעהען אויף אַ קליינער קולטורעלער מדרגה, וואו דאָס איבריגע געלד, נאָכדעם, ווי מען האָט שוין צופריעדענגעשטעלט די קליינע געברויכען, ווערט גלאַט בעהאַלטען אַלס טייערע זאַכען; דאָס קומט אויך פאָר ביי די ענטוויקעלסטע פעלקער מיט אַנ'ענטוויקעלטע סחורה־פּראָדוקציאָן.

אום צו קאָנען כסדר פּראָדוצירען אָהן אַנ'אויפהער, מוז דער סחורה־פּראָדוצענט האָבען אַ זאַפּאַס געלד, ווייל ניט שטענדיג קאָן ער פערקויפען באַלד זיינע פּראָדוקטען. אויף אַזאַ אופן זאַמעלט זיך אָן אין פערשיעדענע האַנדעלס־אינדוסטריעלע פונקטען פערשיעדענע סומען גאָלד און זילבער. זייער פונקציאָן בעשטעהט נאָר אין דעם, זיי זאָלען רעגולירען די סומע געלד, וועלכע געפינט זיך אין פערקעהר. אַ חוץ דעם, איז נאָך אָבהענגיג די צאָהל פון געלד, וועלכעס איז אין פערקעהר, פון דעם, וואָס זעהר אָפט ווערט די סחורה ניט באַלד פערקויפט פאַר מזומנים, מען פערקויפט פיעל מאָל אויף באָרג. ביי אַזאַ אופן דיענט דאָס געלד אַלס מאָס צו בעשטימען דעם פּרייז פון דער סחורה, וועלכע ווערט פערקויפט, און פון דער אַנדערער זייט אַלס צאָהלונגס־מיטעל, צו בעצאָהלען די חובות. די צאָהל פון דעם געלד, וועלכעס קורסירט, פערגרעסערט זיך, דעריבער, דאַמאָלס, ווען עס קומט די צייט פון צאָהלען און פערקלענערט זיך נאָכ'ן צאָהלען.

דאָס געלד אַלס צאָהל־מיטעל דיענט אַלס יסוד פון די קרעדיט־געזעצען, „און דערביי קאָנען די חובות פאַר דער פערקויפטער סחורה פון זייער זייט קורסירען אַלס מיטעל איבערצוגעבען דעם חוב אַנ'אַנדערן". נאָר די ווירקונגס־ספערע פון די דאָזיגע פּאַפּירען זענען בעגרענעצט מיט די אינערליכע בעציהונגען. אין די אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען, אויף וויפיעל דאָס געהערט דעם איבערגאַנג פון רייכטום פון איין לאַנד אין אַנדערן, אָדער צו רעגולירען דעם איבערפלוס פון דעם פּראָדוקציאָנס־טויש, — טרעט אַרויס דאָס גאָלד

און דאָס זילבער אלס אלוועלטליך־געלד אין זיין פשוט'ען גע־שטאלט.

חוץ די אלע אייגענשאפטען, וועלכע ליעגען אין דער נאטור פון געלד אליין, שפיעלט עס נאָך אויך ביי דעם נייעם פראָדוקציאָנס־פראָצעס א סך א וויכטיגערע ראָלע, נעמליך: פון דעם געלד קען ווערען קאפיטאל. „געלד אלס געלד און געלד אלס קאפיטאל אונטער־שיידען זיך צווישען זיך קודם כל מיט זייער פערקעהרס־אופן". אין דער פאָרמולע פון דעם סחורה־פערקעהר האָבען מיר פריהער געהאט „סחורה־געלד־סחורה", ד. ה. ער קויפט סחורה אום זי צוריק צו פערקויפען ווייטער פאר געלד. דאָס געלד, וועלכעס ווערט פער־ברויכט אויף דער דאָזיגער אָפּעראציע רופט ער אָן „קאפיטאל".

וואָס איז אלזאָ דער הילוק צווישען די ביידע פאָרמולעס; „געלד—סחורה—געלד" און „סחורה—געלד—סחורה", אז זיי ביידע דריקען דאָך נאָר אויס דעם איינפאכען טויש־פראָצעס, די ווערטער זענען נאָר אנדערש געשטעלט? מיר האָבען שוין געזאָגט, אז אין דער פאָרמולע „סחורה—געלד—סחורה", דארף מען זוכען דעם עקאָנאָמישען זין פון דעם טויש־פראָצעס און דעם הילוק צווישען די געברויכס־ווערטהען פון די ביידע סחורות, ד. ה., דער מענש פערקויפט איין סחורה, כדי ער זאָל זיך קענען קויפען אנ'אנדער סחורה, וועלכע ער דארף האָבען. וואָס איז אָבער מיט דער פאָרמולע „געלד—סחורה—געלד"? דאָ ווערט געלד דורך דער הילף פון דער סחורה אויסגעטוישט אויף אנדער געלד. טוישען קענען זיך נאָר גלייכע ווערטהען, קומט אויך אויס, אז די ביידע געלדער דארפען אויך זיין גלייך. אזוי מין טויש האָט דאָך אָבער קיין שום עקאָנאָמישען זין נישט. אויב פאר איין סומע געלד בעקומט ער אנ'אנדער סומע, פונקט אזעלכע, ווי די ערשטע, איז דאָך א־סך גלייכער און בעסער נישט צו מאכען קיין שום טוי־שען און בלייבען ביי דער ערשטער סומע. נאָר אזוי ווי דער הילוק צווישען געלד־סומען קען נאָר זיין אין זייער צאָהל (אָבער נים אין דעם אינהאלט, ווייל געלד איז דאָס אייגענע וואָס געלד, דער הילוק איז נאָר וויפיעל געלד), קומט דאָך אויס, אז דער פערקעהרס־פראָצעס וועט נאָר דאמאָלס האָבען א זין, ווען די אנדערע סומע געלד וועט זיין א גרעסערע פאר דער ערשטער. אויף אזא אופן קומט אויס, אז די דאָזיגע פאָרמולע דארף זיין אזוי געשטעלט „געלד—סחורה—געלד", וואו דאָס אנדערע געלד איז שוין מעהר פאר דעם ערשטען. גאָר

דײַטליך קומט אַרויס די פאָרמולע אין דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל, בײַ וועלכען מען קויפט סחורה מיט דעם ציעל צו פערקויפען זי טײַערער מיט ריוח. דאָס אײַגענע איז אויך דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל — פאַר וועלכען עס ווערט אויסגעאַרבײַט סחורה, וועלכע ווערט פערקויפט פאַר אַ גרעסערע סומע געלד. „ענדליך בײַ דעם וואָכער־קאַפּיטאַל, וועלכער ברענגט פּראָצענטען, בעקומט די פאָרמולע „געלד—סחורה—געלד" גאָר אַנ'אַנדער פנים. דאָ דאַרף מען שוין ניט דאָס מיטעלסטע וואָרט סחורה, נאָר פשוט: „געלד—געלד", ד. ה., געלד וואַקסט אויס אין אַ גרעסערע סומע געלד, אַ ווערטה ווערט אַ גרעסערע ווערט, ווי זי איז באמת. הײסט דאָס, אַז די פאָרמולע „געלד—סחורה—געלד" איז באמת די אַלגעמײנע פאָרמולע פון קאַפּיטאַל, און וועלכער ער ערשײַנט אין דעם פערקעהר".

די פאָרמולע האָט אָבער אין זיך אַ ווידערשפּרוך; פון וואַנען נעהמט זיך די מעהר־ווערטה? אויסטוישען קען מען דאָך נאָר גלײַכע ווערטהען? אויב אפילו דעם קאַפּיטאַליסט זאָל געלינגען פערקויפען זײַן סחורה פאַר אַ גרעסערע ווערטה, ווי זי איז באמת, וואָלטען דאָך פון דעם היזק געהאַט די קונים און די צאָהל פון די ווערטהען וואָלט זיך ניט פערגרעסערט, פון דעם וואָלט נאָך קײן מעהר־ווערט ניט אויסגעוואָקסען. הײסט דאָס, אַז די ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין דער גרויס פון דער ווערטה, אַ דאַנק וועלכע עס וואַקסט אויס די מעהר־ווערט, איז ניט דער רעזולטאַט פון בלויזען טויש־פּראָצעס אַלײן. מעהר־ווערטה קען נאָר אויסוואַקסען פון דער סחורה, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט קויפט, כדי זי צוריק צו פערקויפען. דערצו מוז מען אָבער האָבען, אַז אָט די סחורה אַלײן זאָל זײַן דער קוואַל פון ווערטה. אַזאַ סחורה קען נאָר זײַן דעם אַרבײַטערס אַרבײַט. נאָר כדי דער קאַפּיטאַליסט זאָל קענען קויפען די אַרבײַטס־קראַפט, מוזען זײַן צוויי בעדינגונגען. אײנע, אַז דער בעל־הבית פון דער אַרבײַטס־קראַפט, ד. ה., דער אַרבײַטער, זאָל אַלײן פרײַ הערשען איבער זײַן אַרבײַטס־קראַפט, ער זאָל ניט זײַן קײן שקלאַף, און צווײטענס, ער זאָל זײַן געצוואונגען, דורך דעם, וואָס ער האָט ניט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, צו פערקויפען, אָנשטאָט די פּראָדוקטען פון זײַן אַרבײַט, די אַרבײַטס־קראַפט אַלײן, ד. ה., ער זאָל ווערען אַ לויהן־אַרבײַטער.

די אַרבייטס־קראַפט, פונקט ווי יעדע סחורה, האָט אַ ווערטה און אַ פרייז. וואָס בעשטימט די ווערטה און דעם פרייז? די צייט, אין וועלכער מען קען אויסנוצען די אַרבייטס־קראַפט. די צייט ווייטער הענגט אָב פון דער צאָהל לעבענס־מיטלען, וועלכע מען דאַרף האָבען אויף אויסצוהאַלטען די אַרבייטער. הייסט דאָס, אַז די ווערטה פון דער אַרבייטס־קראַפט ווערט בעשטימט מיט אַזאַ צאָהל אַרבייטס־צייט, וועלכע איז נויטיג מען זאָל קענען בעשאַפען אַזוי פיעל פראָדוקטען, וויפיעל מען דאַרף האָבען צו דערהאַלטען דאָס לעבען פון אַרבייטער אַליין אַזוי אויך פאַר זיינע בני־בית, וועלכע וועלען אויך זיין אַרבייטער. אָט די ווערטה בעצאָהלען די קאַפיטאַליסטען דעם אַרבייטער פאַר זיין אַרבייטס־קראַפט, און טאַקי דאַמאָלס, ווען די אַרבייט איז שוין געענדיגט, קומט אויס, אַז דער אַרבייטער לייהט דעם קאַפיטאַליסט זיינע שכירות אויף קרעדיט.

ס'פערשטעהט זיך, אַז דער קאַפיטאַליסט קען זיך ניט בעגניגען בלויז מיט דעם, וואָס ער קויפט די אַרבייטס־קראַפט; ער דאַרף נאָך אויך האָבען אַנדערע פראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי למשל, רויהע מאַטעריאַלען, מאַשינען און אַנדערע אַרבייטס־כלים. און נאָר דאַמאָלס, ווען ער האָט די דאָזיגע אַלע פאַקטאָרען, קען ער ערשט צוטרעטען צו דעם פראָדוקציאָנס־פראָצעס, ד. ה. צום פראָצעס פון איינשלינגען נייע מענשליכע אַרבייט דורך די רויהע מאַטעריאַלען. דער רעזולטאַט פון דעם פראָצעס, ד. ה. דער פראָדוקט, איז דאָס אייגענטום פון קאַפיטאַליסט, וועלכער האָט געקויפט די לעבעדיגע אַרבייטס־קראַפט, אַזוי אויך די ניט לעבעדיגע פראָדוקציאָנס־מיטלען.

די „מעהר־ווערטה" וואַקסט אויס פון פראָדוקציאָנס־פראָצעס. די ווערטה פון פראָדוקטען איז אין געוויסער מאָסען אַ צוזאַמענגעשטעלטע. אין איהר געפינט זיך איין מאָל די אַרבייטס־צייט, וועלכע מען האָט פערברויכט צו בעשאַפען די רויהע מאַטעריאַלען, ערשט ווידער די צייט, וועלכע מען האָט פערבראַכט צו בעשאַפען די אַרבייטס־כלים, אויף וויפיעל מען האָט זיי בענוצט צו דער אויסאַרבייטונג פון דעם פראָדוקט (ד. ה. אויף וויפיעל זיי האָבען זיך אָבגענוצט ביי דער אַרבייט) און יעצט ווייטער די אַרבייטס־צייט (די נייע), וועלכע מען האָט פערבראַכט ביי דעם פראָדוקציאָנס־פראָצעס. די אַלע אַרבייטס־צייטען בילדען די ווערטה פון דעם בעשאַפענעם פראָדוקט; און ווען די ווערטהען ווערען אויסגעדריקט אין געלד,

בילדען זיי דעם פרייז פון דער סחורה. אויף דעם פרייז קען דער סחורה־פראדוצירער פערקויפען זיין סחורה. דער דאזיגער פרייז דריקט דאך אבער נאר אויס דאס, וואס ס'האט דעם קאפיטאליסט אליין גע־קאסט, קומט דאך אויס, אז אויב ער וועט פערקויפען די סחורה לויט דעם דאזיגען פרייז, וועט ער דאך ניט בעקומען קיין שום ריוח, די פראדוקציאן וועט איהם ניט ברענגען קיין שום נוצען. אין באמת איז דאך זיין איינציג ציעל נאר צו האבען דערפון עפעס א נוץ. טא ווי אזוי בעקומט מען דאס? גאר פשוט: מען מוז ארויסציהען פון דער גע־קויפטער ארבייטס־קראפט מעהר ווערטה, ווי מען האט פאר איהר בעצאהלט. דער קאפיטאליסט וועט בעצאהלען פאר איהר אזא סומע געלד, לויט וויפיעל צייט מען דארף האבען צו בעשאפען די אר־בייטס־קראפט. און דערנאך קען ער די צייט פערלענגערן, צווינגען דעם ארבייטער לענגער צו ארבייטען. אזוי, למשל, אויב צו בע־שאפען די לעבענס־מיטלען, וועלכע דער ארבייטער דארף (ד. ה. דעם ארבייטס־לויהן), דארף מען האבען 6 שעה ארבייט, בעצאהלט איהם דער אונטערנעהמער א סימע געלד, לויט די 6 שעה, און אליין בענוצט ער זיך מיט דער ארבייטס־קראפט אין א משך פון 8—10—12 אדער מעהר שעה. די ווערטה, וועלכע געפינט זיך אין דער איבריגער צייט, געהט לטובה פון דעם קאפיטאליסט און בילדעט די מעהר־ווערטה.

לויט דעם, וואס פאר אנ'אנטייל דער קאפיטאליסט נעהמט אין דעם פראצעס פון ווערטה־בילדונג, צוטיילט מארקס דעם קאפיטאל אויף גרונד־קאפיטאל און פערקעהרס־קאפיטאל. גרונד־קאפיטאל רופט ער אן דעם טייל קאפיטאל, פאר וועלכען מען קויפט די רויהע מאטעריאלען, ארבייטס־כלים און וועלכער פערענדערט ניט די גרויס פון זיין ווערטה און דעם פראדוקציאנס־פראצעס, ער טראגט נאר אריבער אהן א שום ענדערונג זיין ווערט אויף דעם פראדוצירטען פראדוקט. פערקעהרס־קאפיטאל רופט מארקס אן דעם טייל קאפי־טאל, פאר וועלכען מען קויפט לעבעדיגע ארבייטס־קראפט און וועלכער בעקומט א גרעסערע ווערטה אין דעם פראדוקציאנס־פראצעס. ער בעשאפט זיין עקוויוואלענט, ד. ה. די סומע, וויפיעל מען האט פאר איהר בעצאהלט און דערצו נאך א עודף אדער מעהר־ווערטה. אויף אזא אופן קומט אויס, אז די גרויס פון דער מעהר־ווערטה העננט ניט אב פון גרונד־קאפיטאל, ווייל דער גרונד־קאפיטאל בע־

שאַפט דאָך נישט קיין מעהר־ווערטה. אויף וויפיעל די איבער־אַרבייט (ד. ה. די אַרבייט, וועלכע דער אַרבייטער אַרבייט נאָך דעם, ווי ער האָט שוין גענוג געאַרבייט אום צו בעשאַפען די נייטיגע לעבענס־מיטלען פאַר זיך) איז גרעסער פאַר דער נויטיגער אַרבייט אום צו בעשאַפען לעבענס־מיטלען פאַר דעם אַרבייטער, אַזוי פיעל טרעפט אָן די מעהר־ווערטה, וועלכע וואַקסט פון דעם פערקעהרס־קאַפּיטאַל. אָט די דאָזיגע בעציהונגען בעשטימען, אויף וויפיעל דעם אַרבייטערס קראַפט ווערט עקספּלואַטירט. די עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבייט איז אָבער בעגרענצט מיט דעם פיזישען כח פון אַרבייטער, ווייל אַ מענש קען ניט פערלירען מעהר אַלס אַ בעשטימטע צאָהל לעבענס־קראַפט אין אַ מעת־לעת. חוץ דעם זענען נאָך דאָ אַנדערע בעגרענצונגען. דער אַרבייטער מוז האָבען אַ צייט צופּריעדען צו שטעלען זיינע גייסטיגע און סאָציאַלע בעדערפנישען, די גרויס פון די בעדערפנישען זענען בעשטימט לויט זיינע קולטורעלע ענטוויקלונג".

יעצט פערשטעהט יעדערער, אַז דער שטאַנד־פּונקט פון אַרבייטער און פון קאַפּיטאַליסט בנוגע צו די גרענעצען פון אַרבייטס־טאָג זענען גענצליך פערשיעדען. דער פאַבריקאַנט, וועלכער קויפט די אַרבייטס־קראַפט, וויל אויסציהען פון דער געקויפטער סחורה וואָס מעהר נוץ און דעריבער סטאַרעט ער זיך צו פערגרעסערען דעם אַרבייטס־טאָג ביז דער העכסטער מדרגה. דער אַרבייטער שטעלט זיך אָבער אַקעגען דעם, פשוט דעריבער, ווייל אַז ניט וואָלט ער אין גיכען אויסגענוצט זיין גאַנצע אַרבייטס־קראַפט און פערלירען די פעהיגקייט צו אַרבייטען. אָט פאַר וואָס די אַרבייטער פאָדערן, מען זאָל בעשטימען אַ נאָרמאַלען אַרבייטס־טאָג.

פון די געגענזעצליכע שטאַנד־פּונקטען און שטרעבונגען וואַקסט אויס דער קאַמפף צווישען דעם קאַפּיטאַליסט און דעם אַרבייטער חענגען די גרויס פון אַרבייטס־טאָג. דאָס איז אַ קאַמפף, וועלכער ענדיגט זיך לויט די אומשטענדען, טייל־מאָל לטובה פון איין צד און טייל מאָל לטובה פון אַנדערען. האָטש, באמת גערעדט, דאַרפען דאָך ביידע צדדים, לויט דעם אָבמאַך, האָבען גלייכע רעכטע, איין צד — צו פערלענגערען דעם אַרבייטס־טאָג ביז דער העכסטער מדרגה, אויף וויפיעל די פיזישע קראַפט ערלויבט נאָר, דער אַנדערער צד — צו פערהיטען זיינע אַרבייטס־קרעפטען. מאַרקס האָט קינציג אויסגעמאָלט דאָס בילד פון דער מלחמה. קודם כל ברענגט ער איינינגע

בײַשפּיעלען פון דער מערדערליכער אויסניצונג פון דער מענשליכער אַרבײַטס־קראַפט דורך איינינע ענגלישע פאַבריקאַנטען און וואָלאַ־הישע פּריצים. דער קאַפּיטאַליסט בענניגט זיך נאָך נישט מיט דעם אַרבײַטס־טאָג, וועלכער ציהט זיך ביז 18־20 שעה אַרבײַט, ער מאַכט נאָך פון דער נאַכט אויך טאָג, האָבענדיג בעזונדערע נאַכט־אַרבײַטער, כּדי ער זאָל ניט פערליערען קיין איין שעה. די לאַגע פון אַרבײַטער ווערט אויך ניט בעסער דורך דעם, וואָס מען בענוצט צו דער אַרבײַט הויך דערוואַקסענע מאַנספּערשוינען, אויך פרויען און קינדער, פאַר וועלכע די פאַבריקס־אַרבײַט איז נאָך מעהר אונערטרעגליך. אין ענג־לאַנד האָט זיך די רעגירונג שוין לאַנג אַרײַנגעמישט אין דער מלחמה צווישען קאַפּיטאַל און אַרבײַט. אין דעם אַרײַנמישען דאַרף מען אָבּ־טיילען צווייערליי פערשיעדענע ריכטונגען. אָנהויבענדיג פון 14־טען יאָהר־הונדערט ביז צום סוף פון 18־טען האָט אין דער ענגלישער געזעצגעבונג געהערשט די טענדענץ צו פערגרעסערען דעם אַר־בײַטס־טאָג. נאָר פונדעסטוועגען איז נאָך די העכסטע מדרגה פון אַר־בײַטס־טאָג אין די דאַמאָלסדיגע סטאַטוטען אַ סך קלענער פאַר דער אַרבײַטס־צײַט, וועלכע די קאַפּיטאַליסטען האָבען שפּעטער אָנגע־הויבען אַרויסציהען פון די אַרבײַטער. דער וואוקס פון דעם קאַפּי־טאַל און ממילא פון דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבײַטער, האָט געגעבען דער געזעצגעבונג וועגען אַרבײַטער אַ גאַנץ אַנדערע ריכטונג, ווי די פריהערדיגע. פון 19־טען יאָהר־הונדערט אָן הויבט זיך שוין אָן אין דער ענגלישער געזעצגעבונג אַ טהעטיגקײַט צו פערקלענערן דעם אַרבײַטס־טאָג פאַר פרויען, קינדער און איבערהויפּט יונגע אַר־בײַטער. די בעגרענצונג האָט אויך געהאַט זעהר אַ גוטען אײַנפלוס אויף דער אַרבײַטס־צײַט פון די ערוואַקסענע אַרבײַטער־מאַנסלײַט און מאַרקס האַלט דעם „בילל וועגען אַ צעהן־שעה'דיגען אַרבײַטס־טאָג פאַר אַ טובה פאַר די אַרבײַטער".

דערנאָך קומט מאַרקס ווידער צוריק צו דער סבּה פון דעם דאָזיגען קאַמפּף איבער דעם אַרבײַטס־טאָג, ד. ה. דער מעהר־ווערטה. הויך דער מעהר־ווערטה, וועלכע שטאַמט פשוט פון דעם, וואָס מען פערלענגערט דעם אַרבײַטס־טאָג און וועלכע מאַרקס רופט אַן אַבּסאָלוטע, טיילט ער אָבּ נאָך איין מין מעהר־ווערטה, וועלכע ער רופט פערהעלטניסמעסיגע. ביז אַהער האָט מען גע־מיינט, אַז די נויטיגע אַרבײַטס־צײַט ענדערט זיך נישט, ד. ה., אַז

די צייט וואס מען דארף, כדי צו בעשאפען לעבענס-מיטלען פאר דעם פראדוצענט אליין, ווערט ניט קלענער און די מעהר-ווערטה בעקומט מען נאר פון דעם, וואס מען פערגרעסערט דעם ארבייטס-טאג. באמת אבער קען מען ערדרייכען דעם אייגענעם רעזולטאט אויף אנדער אופן: מען פערקלענערט טאקי די נויטיגע ארבייטס-צייט און דערביי בלייבט די גרויס פון ארבייטס-טאג ניט בעריהרט; ווייל די מעהר-ווערטה העננגט אב פון די בעציהונגען צווישען די ביידע זאכען. אויב מען דארף, למשל, ווייניגער צייט אויף אויסצוארבייטען דעם ארבייטס-לויהן, בלייבט ממילא שוין מעהר-ווערטה. „די מעהר-ווערטה, וועלכע ווערט ערדרייכט דורך דעם, וואס מען פערגרעסערט דעם ארבייטס-טאג, רופ איך אבסאלוטע. די מעהר-ווערטה, וועלכע מען בעקומט דורך דעם, וואס מען האט פערקלענערט די נויטיגע ארבייטס-צייט און וועלכע וואקסט אויס פון די ענדערונגען, וואס קומען פאר אין די בעציהונגען פין אט די ביידע טיילען ארבייטס-טאג, — רופ איך פערהעלטניסמעסיגע מעהר-ווערטה". נאר ווי אזוי איז מעגליך, מען זאל פערקירצען די נויטיגע ארבייטס-צייט? נאר דערמיט, וואס מען פערגרעסערט די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט. ווייל נאר אויף אזא אופן קען מען פערקלענערען די צאהל פון דער ארבייט, וועלכע מען דארף האבען, כדי צו בעשאפען דעם ארבייטס-לויהן. און אזוי קומט אויס, אז אויב עס פערגרעסערט זיך די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, איז האטש די גרויס פון ארבייטס-טאג בלייבט די אייגענע, פונדעסטוועגען פערגרעסערט זיך דאך די מעהר-ווערטה.

פערגרעסערען די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט קען מען אויף דריי אופנים: 1) דורך א פשוט'ע קאאפעראציע פון ארבייטער; 2) דורך מאנופאקטורע ארבייטס-צוטיילונג און 3) דורך דעם, וואס מען געברויכט מאשינען אין גרויס-אינדוסטריע. קאאפעראציע, ד. ה., אז א גרויסע צאהל ארבייטער פערנעהמען זיך צוזאמען מיט איינע און די זעלבע ארבייט, זיי ארבייטען אויס א סך מעהר פראדוקטען, ווי זיי וואלטען אויסגעארבייט, ווען יעדערער פון זיי וואלט געארבייט בעזונדער. דורך דעם, וואס א סך קרעפטען גיסען זיך צוזאמען אין איין אלגעמיינע, בעקומט די אלגעמיינע קראפט א נייעם כח, דורך וועלכען זי קען אבטהון אזעלכע ארבייטען, וואס זענען פאר איין ארבייטער אדער אינגאנצען אונמעגליך, אדער ער מוז פערליערען דערביי

אַ סך אַרבייט און צייט. אַ חוץ דעם נאָך, דאַמאָלס, ווען אַ סך אַרבייטער אַרבייטען צוזאַמען, פיהלט זיך עפּעס אַ סך היימליכער, יעדערער וויל אַרבייטען גיכער פאַר דעם צווייטען, און די אַרבייט געהט ביי יעדען בעזונדער גיכער.

די ערשטע בעדינגונג פון אַזאַ מין קאָאָפּעראַציע איז, אַז עס זאָל זיך געפינען אין איין האַנד אַ געוויסער קאַפּיטאַל, וועלכער איז נויטיג צו בעצאָהלען די אַרבייטער. און טאַקי דעריבער מיינט מען, אַז די פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט איז די פּראָדוקטיוויטעט פון קאַפּיטאַל. די קאָאָפּעראַציעס פון אַרבייטער־קרעפטען בילדען דעם יסוד, די עלעמענטאַרע פאָרם פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, און מען בענוצט זיי אַפילו ביי מעהר ענטוויקעלטע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען, אין אַזעלכע צווייגען, וואו די אַרבייטס־צוטיילונג און די מאַשינען שפּיעלען נאָך ניט קיין וויכטיגע ראָלע. די מאַנופאַקטור וואַקסט אויס אויף צוויי אופנים. דער ערשטער אופן איז, אַז דער קאַפּיטאַליסט נעהמט זיך צו אויס־אַרבייטען אַזעלכע פּראָדוקטען, וועלכע האָבען בעדאַרפט דורכגעהן דורך פערשידענע האַנדווערקער. למשל, אַ קאַרעטע, נאָך דעם, ווי זי געהט אַרויס פונ׳ם ערשטען בעל־מלאכה, איז זי נאָך ניט פאַרטיג, כל זמן עס אַרבייט נישט ביי איהר אַ שמיעד, אַ מאַ־ליאַר, אַ גלעזער א. ז. וו. אַנשטאַט בעזונדערע האַנדווערקער, נעהמט דער קאַפּיטאַליסט זיי אַלע צוזאַמען אין איין ווערקשטאַט און אַלע צוזאַמען אַרבייטען אויס קאַרעטען. דער אַנדערער אופן איז פּונקט פערקעהרט. דער קאַפּיטאַליסט האָט צוזאַמענגענומען אַ סך אַרבייטער, וועלכע פּראָדוצירען איינעם און דעמזעלבען פּראָדוקט, ווי, למשל, שפּילקעס. יעדער פון זיי האָט געמוזט אַליין אויספּילען די גאַנצע אַרבייט, וואָס מען דאַרף האָבען צו דער שפּילקע. אויב עס אַרבייטען אַ סך אַרבייטער צוזאַמען, ברענגט עס צו דער אַרבייטס־צוטיילונג. די אַרבייטער צוטיילען צווישען זיך פערשידענע שטיקלעך אַרבייט, יעדער אַרבייט שוין נישט די גאַנצע זאַך, נאָר אַ טייל פון איהר.

די נעהענסטע און די העכסטע מדרגה פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן נאָך קאָאָפּעראַציע איז די מ אַ נ ו פ אַ ק ט ו ר. די מאַנופאַקטור־אַרבייטס־צוטיילונג קאָן נאָר דאַמאָלס אויסוואַקסען, ווען עס עקזיסטירט שוין די געזעלשאַפטליכע אַרבייטס־

צוטיילונג. ביי דער געזעלשאַפטליכער אַרבייטס־צוטיילונג בעשאַפט יעדער אַרבייטער סחורה, ד. ה. געברויכס־ווערטען, וועלכע מען קאָן פערקויפען. אין דעם מאַנופאַקטור־פּראָדוקציאָנס־אופן קומט עס פאָר ניט אַזוי. דער גרעסטער חלוק צווישען די ביידע אופנים פון אַר־בייטס־צוטיילונג בעשטעהט אין דעם, וואָס ביי דער מאַנופאַקטור ווערט יעדער פּראָדוקט פּראָדוצירט אונטער דער השגחה פון קאַפּי־טאַליסט און די דאָזיגע פּראָדוקציאָן איז אַ רינגעלע אין דער קייט פון אַנדערע פּראָדוקציאָנס־צווייגען: אין דער געזעלשאַפטליכער אַר־בייטס־צוטיילונג הערשט אַ פולע אומאָבהענגיגקייט, און דערביי ווערט פיעל מאָל געשטערט דאָס גלייכגעוויכט צווישען פערשידענע פּראָדוקציאָנס־צווייגען. פשוט געזאָגט הייסט עס, אַז אין דער גע־זעלשאַפטליכער אַרבייטס־צוטיילונג הערשט אַנ„אַנארכיע", און אין דער מאַנופאַקטור הערשט „דעם קאַפּיטאַליסט'ס שווערע האַנד". דער קאַפּיטאַליסטישער האַראַקטער פון דער מאַנופאַקטור בעשטעהט אויך אין דעם, וואָס צו איהר מוז מען שוין האָבען אַ גרעסערן קאַ־פּיטאַל, ווי צו דער פשוט'ער קאָאָפּעראַציע. ניט נאָר דער פער־קעהרס־קאַפּיטאַל דאַרף זיין גרעסער, נאָר אפילו דער גרונד־קאַפּיטאַל אויך, ווייל מען דאַרף מעהר פּראָדוקציאָנס־מאַטעריאַלען. אָט ביי דעם פּראָדוקציאָנס־אופן פערגרעסערט זיך די הכנסה פון קאַפּיטאַ־ליסט, ד. ה., ער בעקומט מעהר־ווערט דורך דער אַרבייטס־צוטיי־לונג. די דאָזיגע ווערט, וועלכע וואַקסט פון דער פּראָדוקציאָן אַליין, איז „פערהעלטניסמעסיגע מעהר־ווערט". ביי אַזאַ מין פּראָדוקציאָנס־אופן ווערט דער אַרבייטער אַלץ ווייניגער זעלבסטשטענדיג, איינזייטיג און אויטאָמאַטיש. נאָר ביז אַהער ליעגט נאָך אַלץ אין דעם יסוד פון דער מאַנופאַקטור־פּראָדוקציאָן דער האַנדווערק־האַראַקטער, וועלכער לאָזט נישט דעם קאַפּיטאַל גענצליך הערשען איבער די אַרבייטער.

די פאָלקאָמע ממשלה איבער די אַרבייטער בעקומט דער קאַפּי־טאַל נאָר דאַן, ווען עס בעווייזען זיך די מאַשינען אין די גרויס־אינדוסטריעלע פּראָדוקציאָן. יעדע פיעל ווייניג אויסגעבעסערטע מאַ־שין, דאַרף בעשטעהן, לויט מאַרקס'ען, פון דריי טיילען: בעוועגונגס־מאַשין, איבערגעבונגס־מאַשין און אַ מעכאַנישער אינסטרומענט, ד. ה. אַ אַרבייטס־מאַשין. דער איינער הילוק צווישען די מאַשין־אַרבייט און האַנדווערקער־אַרבייט ליעגט לויט מאַרקס'ען ניט אין דער בעוועג־

גונגס־מאַשין, נאָר אין דער מאַשין, וועלכע פערבינדעט דעם ארבייטער אויף אַ מעהאַניזם, וואָס אַרבייט אָנשטאָט אַנ'אינסטרומענט מיט אַ גאַנצען סיסטעם אַזעלכע אינסטרומענטען, און וועלכע ווערען בע־וועגט מיט אַ שטענדיגע בעוועגונגס־קראַפט. אויב מען בענוצט בלויז אַ מאַשין איז דאָס די איינפאַכע מאַשין־פּראָדוקציאָן. די פּראָדוקציאָן בעקומט נאָר דאַמאָלס איהר ענטוויקעלטע פּראָדוקציאָנס־פאָרם, ווען עס ווערט צו די בעוועגונגס־מאַשינען בענוצט דאַמפּף, וועלכער בע־פרייט זי דאַמאָלס גענצליך פון דער בעגרענצטער מענשליכער קראַפט און זי ווערט היי זעלבסטשטענדיג. אַ דאַנק דער דאַמפּף־בעוועגונגס־מאַ־שין, קען מען איינאָרדנען אַ קאָאָפּעראַציע פון מאַשינען, וועלכע בעשטעהט אין דעם, וואָס מען נעהמט צוזאַמען אַסך איינאַרטיגע מאַשינען אָדער אַ גאַנצען מאַשינען־סיסטעם. די ענטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע און דער מאַשין־פּראָדוקציאָן טרעפט אָבער נאָך אַ מניעה, כל זמן די מאַשינען אַליין ווערען ניט פּראָדוצירט דורך מאַשינען, ווייל די מענשליכע קראַפט האָט נישט שטענדיג געקענט מאַכען די מאַשינען פון אייזען אָנשטאָט האָלץ אָדער נאָך אַזעלכע זאַכען. אָבער ווי מען האָט עס נאָר ערדייכט איז שוין בעזייטיגט געוואָרען די לעצטע מניעה און יעצט האָט זיך שוין אַלע מאָל מעהר פערשפּרייט דער מאַשינען געברויך. דאָס דריקט שטאַרק די אינדיווידואַליטעט פון ארבייטער, ווייל די מאַשינען קענען אויספיהרען זייער אויפגאַבע, ווען די אַרבייט געהט נאָר גלייכצייטיג און אַלגעמיין; דער קאָאָפּעראַ־טיווער האַראַקטער פון אַרבייטס־פּראָצעס ליגט שוין ניט אין די אַרבייטער, נאָר אין דעם אינהאַלט פון די אַרבייטס־אינסטרומענטען און די מאַשינען.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם איינפלוס פון די מאַשינען אויף דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקטען־ווערטה, טראָגען זיי נאָר איבער זייער ווערטה, וועלכע זיי האָבען פערלאָרען אין דער אַרבייט, ד. ה. די סחורה, וועלכע ווערט פּראָדוצירט מיט דער הילף פון די מאַשינען, האָט אין זיך אויך די ווערטה, וועלכע די מאַשינען האָבען פער־לאָרען אין פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. און אָט דאָס, וואָס די מאַשינען ווערען אָבגענוצט אין דער אַרבייט, בעגרענעצט דעם ווירטשאַפטליכען מאַשינען־געברויך, און דערביי קען די מאַשין ווערען נאָר דאַמאָלס בענוצט, אויב זי אַליין צו מאַכען קאָסט ווייניגער צייט, וויפיעל צייט זי פּוישט איין. פאַר דעם קאַפּיטאַל איז די דאָזיגע גרענעץ אַפילו

אַ בּיסעֶל שמעֶלעֶר, עֶר רעֶכעֶנט זיך ניט אוים מיט דעֶר צאָהל פעֶרטווישטעֶר מאַשין אַרבּייט, נאָר מיט דעֶר פעֶרטווישטעֶר אַרבּייטס־קראַפט, דעֶן דעֶר קאַפּיטאַליסט בּעֶנוצט זיך נאָר מיט דעֶר אַר־בּייטס־קראַפט אום אַרויסציהעֶן פון איהר מעֶהר וויפיעל עֶר האָט פאַר איהר בּעֶצאָהלט.

דעֶר אײנפלוס פון די מאַשינעֶן אויף די אַרבּייטעֶר בּעֶווייזט זיך קודם כל אין דעֶם, וואָס צוזאַמעֶן מיט די עֶרוואַקסעֶנעֶ מאַנס־פעֶרזאָנעֶן נעֶהמט די אַרבּייט אויך צו פרויעֶן און קינדעֶר, ווייל בּיי דעֶר מאַשין־פּראָדוקציאָן דאַרף מעֶן ניט האָבּעֶן אַזוי פיעל כח. שוין ניט רעֶדעֶנדיג וועֶגעֶן דעֶר מאָראַלעֶר און סאָציאַלעֶר שעֶדליכקייט פון פרויעֶן־און קינדעֶר־אַרבּייט, בּרעֶנגט זי נאָך דאָס אויך, אַז זי פעֶרקלעֶנעֶרט די נויטיגעֶ אַרבּייטס־צייט, און, ממילא, דעֶם אַרבּייטס־לוין. אָנשטאָט דעֶם, וואָס פריהעֶר איז געֶנוג געֶוועֶן דעֶם פאָטעֶרס אַרבּייט מפרנס צו זיין די גאַנצעֶ בּני־בּית, דאַרפעֶן איצט אויף דעֶם אַרבּייטעֶן אויך דאָס ווייב און די קינדעֶר. אַ חוץ דעֶם אַלעֶם בּרעֶנגט נאָך דעֶר מאַשינעֶן־געֶבּרויך צו דעֶם, אַז דעֶר אַרבּייטס־טאָג ווערט גרעֶסעֶר. דעֶם קאַפּיטאַליסט איז נוצליכעֶר, וואָס ווענינעֶר צו לאָ־זעֶן די מאַשינעֶן לעֶדיג שטעֶהן, דעֶרצו נאָך וואָס די אָבּניצונג פון די מאַשינעֶן איז קלעֶנעֶר פּראָפּאָרציאָנעֶל, ווי די צייט, וואָס מעֶן פעֶרלעֶנגעֶרט, ד. ה. אויב, למשל, 8 שעה אַרבּייט ניצט אָבּ די מאַ־שינעֶן אויף 80 קאָפּ., איז ווען מעֶן אַרבּייט לעֶנגעֶר 2 שעה, ניצעֶן זיי זיך ניט אָבּ אויף 20 קאָפּ., נאָר ווענינעֶר. אַ טייל פעֶרזיכעֶרעֶן, אַז בּיי דעֶר מאַשין־פּראָדוקציאָן ווערט די אַרבּייט גרינגעֶר, נאָר מאַרקס זאָגט, אַז דאָס איז ניט אֱמת. אויב מעֶן שטעֶלט אַ גרעֶ־נעֶץ צו דעֶם אונגעֶהויעֶרעֶן אַרבּייטס־טאָג, למשל, דורך דעֶם, וואָס מעֶן בּעֶשטימט אַ נאָרמאַלעֶן אַרבּייטס־טאָג, געֶפינט דעֶר קאַפּיטאַליסט אַנדעֶרעֶ עֶצות, ווי אַזוי צו עֶררייכעֶן זיינעֶ ציעֶלעֶן: עֶר פאָדעֶרט, מעֶן זאָל אָנגעֶשטרעֶנגטעֶר אַרבּייטעֶן; עֶר סטאַרעֶט זיך אָבּצונעֶה־מעֶן דאָס, וואָס עֶר האָט פעֶרלאָרעֶן דורך דעֶם, וואָס מעֶן האָט פעֶרקירצט דעֶם אַרבּייטס־טאָג, מיט אָנגעֶשטרעֶנגטעֶרעֶר אַרבּייט. דאָס עֶררייכט עֶר מיט דעֶם אַליין, וואָס אויב דעֶר אַרבּייטס־טאָג איז קלעֶנעֶר, פעֶרגרעֶסעֶרט זיך ממילא די אויפמעֶרקזאַמקייט און דעֶר חשק צו דעֶר אַרבּייט. אַ חוץ דעֶם קען מעֶן פעֶרגרעֶסעֶרן די אָנגעֶשטרעֶנגט־קייט, און מעֶן עֶררייכט דאָס טאַקי, דורך דעֶם, וואָס מעֶן פעֶרגרעֶ־

סערט דעם גאַנג פון די מאַשינען, און דער אַרבייטער מוז דאָך נאָך אײַלען. צו דעם דאַרף מען נאָך מוסיף זײַן, אַז דאָס אָרט, וואו דער פאַבריק־אַרבייטער אַרבייט, ד. ה. די פאַבריק, גיעט אַליין דעם פאַבריקאַנט די מעגליכקייט איינצופיהרען אַנ'אַרמעע־דיסציפּלין, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט עקספּלואַטירט זעהר אָפט אָפילו אונפערשעמט פאַר זײַן נוצען. מאַרקס לײַקענט אָב די מיינונג, אַז פאַר דעם היזק, וואָס די אַרבייטער לײַדען דורך די מאַשינען, וועלען זיי בעלוינט מיט דעם, וואָס אַ גרויסער קאַפּיטאַל ווערט פרײַער און פאַר איהם דינגט מען אַ גרעסערע צאָהל אַרבייטער. ער בעשטעטיגט, פערקעהרט, אַז די מאַסען אַרבייטער בלײַבען יעצט הילפּסלאָז, ווײַל דער פערקעהר־קאַפּיטאַל, וועלכען מען האָט ביז אַהער פערברויכט, אום צו קויפען אַרבײַטס־קראַפט, ווערט יעצט אַ גרונד־קאַפּיטאַל, ווײַל מען קויפט מאַשינען. אמת טאַקי, אַז וואָס מעהר עס וואַקסט אויס די פּראָדוקציאָן, פערגרעסערט זיך אויך די צאָהל אַרבייטער, וועלכע ווערען בעשעפטיגט אין די פּראָדוקציאָנס־צווײַגען און אויך אין די אונטערנעהמונגען, וועלכע שטעלען צו רויהע מאַטעריאַלען. נאָר די נײַע אויסבעסערונג פון די מאַשינען לאָזט ווײַטער די אַרבייטער אָהן ברויט. דאָס עביגע וואַקלען, דער פיעבערהאַפטער צושטאַנד, אין וועלכען עס געפינען זיך די אַרבייטער דורך די פיעלע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער פאַבריק־אַרבייט, ווירקט אַם ערנסטען אויף דעם גורל פון דעם אַרבייטער־קלאַס. אַלס אַ בולט'ען משל, ווײַזט מאַרקס אָן אויף דעם גורל פון די ענגלישע באַוועל־אַרבייטער.

צוזאַמען מיט דער פאַבריקס־פּראָדוקציאָן קענען די מאַניפאַקטור און די האַנדווערק ניט עקזיסטירען. ביידע פאַלען אונטער דער קאָנקורענץ. אין דער מאַנופאַקטור, בעזונדערס אין דער האַנדווערקער־אַרבײַט, ווערט דאַמאָלס דער אַרבייטער נאָך מעהר עקספּלואַטירט, ווי אויף דער פאַבריק, ווײַל די בעלי־בתים שטרעבען אונטערצוהאַלטען זייער פּראָדוקציאָן אָהן מאַשינען. דער איבערגאַנג צו דער מאַשינן־פּראָדוקציאָן ווערט מיט דער צײַט נויטהווענדיג. דאָס ווערט נאָך גיכער דורך דעם, וואָס מען הויבט אָן בענוצען קליינע מאַשינען אין דער מאַנופאַקטור און האַנדווערק, ווי, למשל, די נעה־מאַשינען, און אויך דורך די פאַבריקס־געזעצען, וועלכע נעהמען אַרום די דאָזיגע אַרטען אינדוסטריע אויך. די פאַבריקס־געזעצגעבונג איז

די איינציגע פיזישע און מאָראַלישע פערטיידיגונג פאַר די אַרבייטער־קלאַססען נעגען קאַפּיטאַל. זי האָט אָבער אויך די ווירקונג, וואָס זי בעשאַפט די אויסנאַהם־ממשלה פון דער פאַבריק־אינדוסטריע, ווייל זי העלפט צו בעזייטיגען אַלע אַלטמאָדישע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען. נאָר טאַקי דעריבער ווערט דער קאַמפּף געגען דער פאַבריקס־אָרדנונג אַלץ מעהר אַלגעמיין און עס פערגרעסערט זיך די צאָהל פון די אַרבייטער, וועלכע נעהמען אַנ'אַנטהייל אין דעם קאַמפּף.

נאָך דעם ווי מאַרקס האָט געפּרובט אויף אַזאַ אופן צו בעווייזען, אַז די פערשיידענע אויסבעסערונגען אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט געהען נאָר לטובה פון דעם קאַפּיטאַליסט, ווייל זיי פערגרעסערען די מעהר־ווערטה, קעהרט ער זיך צוריק צו דער אויפּאָרשונג העגען די יסודות פון דער דאָזיגער ווערטה. מאַרקס רעכענט, אַז דער יסוד פון דער מעהר־ווערטה איז דאָס, וואָס די פּראָדוקציאָנס־קראַפט פון דער אַרבייט איז יעצט גרעסער פאַר דער אָנשטרענגונג, וועלכע מען וואָלט בעדאַרפט, כדי צו בעפרידיגען די בעדערפעניסען פון דעם אַרבייטער. דער אַרבייטער קען פּראָדוצירען מעהר ווערטה פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, נאָר דאַמאָלס, ווען עס בלייבט איהם צייט נאָך דעם, ווי ער האָט שוין אויסגעאַרבייט די צאָהל לעבענס־מיטלען, וועלכע זענען נויטיג פאַר דעם אַרבייטער און זיינע קינדער. ווען דער מאָמענט קומט אָן, און ווי קומט איבערהויפּט אָן אַזאַ מאָמענט, אין וועלכען די אַרבייטס־פּראָדוקטיוויטעט זאָל זיך פערגרעסערען, העננט אָב פון די נאַטירליכע און היסטאָרישע בעדינגונגען פון דער אַרבייטס־ענטוויקלונג. די נאַטירליכע בעדינגונגען ליעגען טיילווייז אין מענש אַליין און טיילווייז אין דער נאַטור. אין פערשיעדענע קלימאַטען איז אויך פערשיעדען די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען פון דער אַרבייט און פון קאַפּיטאַל. נאָר מען דאַרף ניט מיינען, אַז די ערטער, וואו די ערד איז פרוכטבאַר זאָלען זיין גינסטיגער פאַר דער ענטוויקלונג פון מעהר־ווערטה. „דאָס פאָטער־לאַנד פון קאַפּיטאַל איז ניט דער דרום־קלימאַט מיט די פּרעכטיגע געוויקסען, נאָר די מיטעל־לענדער. דעם יסוד פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייטס־צוטיילונג בעשאַפט נישט די פרוכטבאַרקייט פון פעלד, נאָר די פערשיעדענאַרטיגקייט פון איהרע רויהע פּראָדוקטען, און ווען עס ענדערען זיך די נאַטירליכע בעדינגונגען, אין וועלכען דער מענש

לעבּט, וועלען אויך פּיעלוויַיטיג זיינע אייגענע בּעדערפניששען, אייד נגעשאַפטען, מיטלען און די אַרבּייטס־אופנים".

בּיי דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן ווערט דער קאַ־פּיטאַל דער בּעל־הבּית פון דער גאַנצער קראַפט פון די אַרבּייטער. און דעריבּער גיצט ער אויס ניט נאָר די נויטווענדיגע אַרבּייטס־קראַפט, פאַר וועלכע ער צאָהלט אָב, נאָר אַפילו די אַרבּייט, פאַר וועלכע ער בּעצאָהלט ניט, ד. ה. די איבּער־אַרבּייט. הייסט דאָס, אַז דער יסוד פון דעם, וואָס דער פערקעהרס־קאַפּיטאַל ווערט גרעסער אין דעם פּראָצעס, וואו עס בּילדעט זיך די ווערטה, איז דאָס, וואָס דער קאַ־פּיטאַליסט האָט די מעגליכקייט זיך צו בּענוצען מיט אַ געוויסער צאָהל פרעמדע אַרבּייט, פאַר וועלכע ער האָט ניט אָבּגעצאָהלט.

דער אַרבּייטס־לויהן, וועלכען דער קאַפּיטאַליסט צאָהלט, טרעפט נאָר אָן די ווערטה פון דער נויטווענדיגער אַרבּייטס־צייט; פונדעסט־וועגען רעכענט מען דעם לויהן פאַר דעם פּרייז אָדער ווערטה פון דער גאַנצער אַרבּייט פון אַרבּייטער. נאָר דאָס איז ניט ריכטיג, ווייל די מענשליכע פעהיגקייטען, וועלכע בּעשאַפען אַלע ווערטהען, קענען אַליין נישט האָבּען קיין ווערטה. דער אַרבּייטס־לויהן דריקט אויס די ווערטה פון דעם אַרבּייטס־קוואַל (ד. ה. דער אַרבּייטס־לויהן דריקט אויס די ווערטה פון די נויטווענדיגע לעבּענס־מיטלען, וועלכע מען קען אויסאַרבּייטען, ניט פערבּרויכענדיג דעם גאַנצען אַרבּייטס־טאָג, נאָר אַ טייל פון איהם), וועלכע ווערט בּעצאָהלט לויט איהר ווערטה, וואָס איז בּעשטימט מיט דער צאָהל נויטווענדיגע אַרבּייט. דאָס איז אַלץ איינס, צי דער אַרבּייטער אַרבּייט אויס'ן טאָג אָדער פון שטיק. אויבּ דער אַרבּייטער אַרבּייט אויס'ן טאָג אָדער אויף דער וואָך, איז דער פּרייז פון דער אַרבּייט לויט דעם, ווי גרויס עס איז דער אַרבּייטס־טאָג. נאָר די שעה־שכירות גיעט אַ גענויע השגה וועגען דער גרויס פון דעם אַרבּייטס־לויהן. לויט דעם דאָזיגען שטאַנד־פּונקט קומט אויס, אַז אויבּ אַרבּייטס־לויהן האָט זיך אַפילו פער־גרעסערט, וועט ער אויך פּאַקטיש זיין פערקלענערט, אויבּ גלייך האָט זיך אויך פערגרעסערט דער אַרבּייטס־טאָג. דער לויהן פון שטיק בּעגרינדעט זיך אויך אויף דעם אייגענעם יסוד. דעם אַרבּייטער בּע־צאָהלט מען ניט פאַר דעם פּראָדוקט פון זיין אַרבּייט, נאָר פאַר דער ווערטה פון דער אַרבּייטס־קראַפט. דער הילוק איז נאָר אין

דעם, אַז אויב מען צאָהלט אויף דער צייט מעסט מען אויס די אַרבייט דירעקט ווי גרויס זי איז, ביי דעם לויהן פון שטיק מעסט מען אויס די אַרבייט מיט דער צאָהל פון די פּראָדוקטען, וועלכע זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען אין אַ בעשטימטער צייט. דער לויהן פון שטיק דיענט דעם בעל־הבית אַלס מיטעל צו פערגרעסערען די אָנ־שטרענגונג פון אַרבייטער און נאָך מעהר צו פערגרעסערען דעם אַר־בייטס־טאָג.

ווען מאַרקס האָט שוין אָבגעמאָלט און קריטיש בעטראַכט די ראָלע פון קאַפּיטאַל אין זיינע בעציהונגען צו דער אַרבייט און פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, הויבט ער אָן ווייטער צו בעטראַכטען דעם פּראָצעס פון קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג. אונטער דעם פּראָצעס פערשטעהט מאַרקס דעם וועג, וועלכען דער קאַפּיטאַל מאַכט דורך אַ דאַנק דעם פערקויף פון די בעשאַפענע פּראָדוקטען. אויספאָרשענדיג דעם דאָ־זיגען פּראָצעס בעמערקט מאַרקס פריהער, אַז פאַקטיש בעקומט ניט נאָר דער אונטערנעהמער־קאַפּיטאַליסט די מעהר־ווערטה, נאָר ער טיילט זיך אויך מיט אַנדערע קאַפּיטאַליסטען, ווי, למשל, ערד־איי־גענטימער. אין דער סחורה ליגט אַ טייל קרן, ד. ה. קאַפּיטאַל און אַ טייל מעהר־ווערטה, וועלכע ווערט דערנאָך אויך קאַפּיטאַל. ווען דער קאַפּיטאַליסט קויפט דערנאָך נייע מאַטעריאַלען צו דער אַרבייט, פערנוצט ער ניט די מעהר־ווערטה, נאָר דעם קרן, ד. ה. דעם קאַפּיטאַל, וועלכען ער האָט אַריינגעלעגט אין זיין אונטערנעה־מונג. אָט דאָס, וואָס עס ווערט פון דער מעהר־ווערטה קאַפּיטאַל, איז לויט מאַרקס'ען דער קוואַל פון קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג. אויב דער קאַפּיטאַליסט פערלעבט די גאַנצע מעהר־ווערטה, אַרבייט זיך אויס דער קאַפּיטאַל אָהן שום פערגרעסערונג. אויב אָבער דער קאַפּיטאַליסט גיעט אויס די מעהר־ווערטה, ד. ה. די סומע געלד, וועלכע איז מעהר ווערטה, צוזאַמען מיט דעם קאַפּיטאַל, כדי צו קויפען נאָך אַרבייטס־קראַפט, אָט דאַמאָלס נעהמט דאָס שוין אָן אַ פּראָגרעסיווען כאַראַקטער. די אָנזאַמלונג וואַקסט, און די מעהר־ווערטה, וועלכע ווערט אויסגענוצט אויף אַזאַ אופן, ברענגט דערנאָך אַליין אויך מעהר־ווערטה.

די אָנזאַמלונגס־מדרגה העננט אָב פון פערשידענע צושטענ־דען. קודם כל פערשטעהט זיך, אַז זי איז אָבהענגיג פון דעם, וואָס פאַר אַ חלק פון דער מעהר־ווערטה ווערט פערניצט און ווי־

פיעל מען פערברויכט אַלס קאַפּיטאַל; דערנאָך ווײַטער הענגט זי
אָב פון דעם, ווי גרויס עס איז די עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבײַט,
וועלכע קען צוגעהן ביז אַזאַ מדרגה, אַז דער אַרבײַטס־לויהן זאָל
זײַן ניעדעריגער פון דער ווערטה אויסצוהאַלטען די אַרבײַטס־קראַפט.
אַ חוץ דעם, וואָס פאַר אַ גרעסערער חלק אַרבײַט עס געהט אויף
צו בעשאַפען מעהר־ווערטה, אַליך גיכער קומט פאָר דער פּראָצעס
פון קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג. די אָנזאַמלונג קען אויך גרעסער ווערען
דורך דעם, וואָס עס פערגרעסערט זיך די פּראָדוקטיוויטעט פון דער
אַרבײַט, וועלכע פערגרעסערט אויף אַזאַ אופן ניט נאָר די ערשטע
מעהר־ווערטה, נאָר אויך די מעהר־ווערטה, וואָס ווערט אויפ'ס נײַ
בעשאַפען. דער קאַפּיטאַל פערגרעסערט זיך אויך דורך דער אָנ־
זאַמלונג אַליין, ווײַל אויב עס פערגרעסערט זיך כסדר די אָנזאַמלונג,
בעקומט דער קאַפּיטאַל אין זײַן רשות אַרײַן אַליך גרעסערע סומען.
„וואָס מעהר עס וואַקסט דער קאַפּיטאַל דורך די ביסלעכווײַזע אָנ־
זאַמלונג, אַליך מעהר וואַקסט אויך אויס די סומע ווערטהען, וועל־
כע דער קאַפּיטאַליסט פערברויכט און אויך די סומע, וועל־
כע דער קאַפּיטאַליסט זאַמעלט אָן. און דעריבער קען דער קאַפּי־
טאַליסט לעבען ברהבות און פונדעסטוועגען נאָך אויך אָנזאַמלען,
אָדער, ווי אַנדערע עקאָנאָמיסטען זאָגען, אײַנקאַרגען; און אַלע
פרוזשינעס פון דער פּראָדוקציאָן ווירקען אַליך ענערגישער, וואָס ברייי
טער עס ווערט די פּראָדוקציאָן מיט דער צוגעקומענער צאָהל קאַ־
פּיטאַל". עס פערשטעהט זיך, אַז וואָס מעהר עס פערגרעסערט זיך
דיזע אָנזאַמלען, ד. ה. וואָס מעהר עס וואַקסט דער קאַפּיטאַל,
מוז אויך וואַקסען דער טייל קאַפּיטאַל, וועלכער איז אין פערקעהר
און פאַר וועלכען מען קויפט די אַרבייטער־קראַפט און ממילא אויך
די צאָהל פון די אַרבייטער, וועלכע ווערען בעשעפטיגט. דורך דעם
ווײַטער, וואָס עס פערגרעסערט זיך די נאָכפראַגע נאָך אַרבײַט, פער־
גרעסערט זיך ממילא דער אַרבײַטס־לויהן, נאָר ניט אויף לאַנג. יעֶ־
דע פערבעסערונג פון דעם אַרבײַטס־לויהן פערקלענערט אויך ממילא די
אַרבײַטס־צײַט, פאַר וועלכער דער קאַפּיטאַליסט בעצאָהלט ניט, ד.
ה. עס ווערט קלענער די מעהר־ווערטה. ווען עס פערקלענערט זיך
די מעהר־ווערטה אויף אַ סך, דאַמאָלס פערליערען די פאַבריקאַנטען
דעם חשק אָנצוזאַמלען, און ממילא פערשווינדעט אויך די סבה,

וועלכע האָט פערגרעסערט דעם אַרבייטס-לויהן. זי פאַלט צוריק צו
איהר ערשטער מדרגה.

ניט נאָר וואָס דער אַרבייטס-לויהן פערגרעסערט זיך ניט דורך
דעם וואוקס פון קאַפּיטאַל, נאָר די לאַגע פון אַרבייטער פערערגערט
זיך נאָך. די זאַך בעשטעהט אין דעם, וואָס די בעציהונגען צווי-
שען גרונד-קאַפּיטאַל און פערקעהרס-קאַפּיטאַל בלייבען ניט שטענ-
דיג אונפערענדערט. וואָס מעהר עס וואַקסט דער קאַפּיטאַל און די
פּראָדוקציאָנס-קראַפט פון דער אַרבייט, וואַקסט אויך דער טייל גרונד-
קאַפּיטאַל אויף דעם חשבון פון פערקעהרס-קאַפּיטאַל, און דעריבער
וואַקסט די נאָכפראַגע נאָך אַרבייטס-קראַפט ניט פּראָפּאָרציאָנעל מיט
דעם וואוקס פון קאַפּיטאַל. אַ חוץ דעם, דאַרף מען נאָך צוגעבען,
אַז צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם אָנזאַמלונגס-פּראָצעס קומט אויך
פאָר די קאָנצענטרירונג פון די גרויסע קאַפּיטאַלען, וועלכע שטוי-
סען אַרויס פון אינדוסטריעלען פּלאַץ די קליינע און מיטעלע קאַ-
פּיטאַלען. און ביי דעם גרויסען קאַפּיטאַל זענען די בעציהונגען צווי-
שען גרונד-קאַפּיטאַל און פערקעהרס-קאַפּיטאַל נאָך ערגער פאַר דער
אַרבייטער-לאַגע, ד. ה. דער גרונד-קאַפּיטאַל איז אַ סך גרעסער פאַר
דעם פערקעהרס-קאַפּיטאַל. יעדע ענדערונג אין דער פּראָדוקציאָנס-
קראַפט פון דער אַרבייט בעריהרט אויך די מעכאַנישע צוזאַמענ-
שטעלונג פון קאַפּיטאַל. וואָס גרעסער עס ווערט די פּראָדוקציאָנס-
קראַפט פון דער אַרבייט, אַלץ מעהר רויהע מאַטעריאַלען ווערען
בעאַרבייט און אַלץ מעהר מאַשינען ווערען בענוצט, ד. ה. אַז צו-
זאַמען מיט דעם וואוקס פון דער פּראָדוקציאָנס-קראַפט ווערט אַלץ
ווייניגער די צאָהל פון די אַרבייטער, פערהעלטניסמעסיג מיט די פּראָ-
דוקציאָנס-מיטלען. אַזוי אַרום ווערט פערקלענערט דער פערקעהרס-
קאַפּיטאַל און עס פערגרעסערט זיך דער גרונד-קאַפּיטאַל.

דורך דעם, וואָס דער פערקעהרס-קאַפּיטאַל ווערט קלענער,
וואַקסט אַלץ גיכער דער אָנזאַמלונגס-פּראָצעס. דער קאַפּיטאַל, וועל-
כער בילדעט זיך אַ דאַנק דעם אָנזאַמלען, פערברויכט אַלץ ווייני-
גער אַרבייטער. אויב דער קאַפּיטאַליסט דאַרף קויפען אַ נייע מאַ-
שין, ווייל די אַלטע האָט זיך אָבגעניצט, קויפט ער שוין ניט די
אייגענע וואָס פריהער, נאָר אַלץ אַ בעסערע, דורך וועלכער מען
קען אויסאַרבייטען מעהר פּראָדוקטען ווי פריהער. דער אַלטער קאַ-
פּיטאַל ווערט אַלץ פּראָדוקטיווער און נויטיגט זיך אַלץ ווייניגער

אין אַרבײַטער. די ענדערונגען אין געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל קו־מען ניט פאָר איבעראַל גלײַך. עס טרעפט זיך, אַז דער קאַפּיטאַל פערגרעסערט זיך און פינדעסטוועגען בלײַבט די טעכניק די אײַ־גענע, אַזוי אַז דער נײַער קאַפּיטאַל דאַרף האָבען נײַע אַרבײַטער. טײל־מאָל אָבער וואַקסט אויס די פּראָדוקטיוויטעט פון דעם קאַ־פּיטאַל און ער נויטיגט זיך אַ סך ווייניגער אין אַרבײַטער.

די אַרבײַטער־בעפעלקערונג געפינט זיך אין אַ שטענדיגער בעוועגונג, טײל־מאָל ציהט מען זי צו, טײל־מאָל שטויסט מען זי אָב, און וואָס מעהר עס פערגרעסערט זיך די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבײַט, אַלץ אונזיכערער ווערט די לאַגע פון דער אַרבײַטער־בעפעלקערונג. און אָט די איבעריגע אַרבײַטער־בעפעלקערונג בילדעט „די גרויסע אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע". די דאָזיגע אַרמעע דיענט דעם קאַפּיטאַל פערשיעדען, טײל־מאָל צו פערבריײטערען די פּראָ־דוקציאָן און טײל־מאָל צו פערקלענערען, און דערבײַ אָדער די אַר־בײַטער בעקומען אַרבײַט, אָדער זיי ווערען אַרויסגעשטויסען צוריק צו דער אָרעמקייט, אַלע מיטלען, וועלכע פערגרעסערען די פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער אַרבײַט אָדער וועלכע פערבײַטען די האַנד־אַרבײַט אויף מאַשינען, העלפען אויך „בעפרײַען" אַ געוויסע צאָהל אַרבײַטער, וועלכע פערגרעסערען אויף אַזאַ אופן די אַרבײַטער־רע־זערוו־אַרמעע. אָט די „בעפרײַטע" אַרבײַטער זענען שטענדיג גרייט צו דיענען דעם קאַפּיטאַל און דריקען נאָך מיט זייער קאָנקורענץ דעם אַרבײַטס־לויהן פון די אַרבײַטער, וועלכע האָבען יאָ אַרבײַט, ווײַל זיי זענען שטענדיג גרייט צו פערנעהמען זייער אָרט. אין דער דאָזיגער לאַגע קומען די אַרבײַטער אַ ביסעל צו הילף די פּראָפעסיאָ־נעלע פעראײנען, וועלכע „שטרעבען פיעל־ווייניג צו רעגולירען די בעציהונגען צווישען די אַרבײַטער וואָס האָבען אַרבײַט און די וואָס געהען לעדיג". נאָר די אַרבײַטער־רעזערוו־אַרמעע וואַקסט אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס פערגרעסערט זיך דער קאַפּיטאַל. די לאַגע פון די אַרבײַטער ווערט בײַ דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן אַלץ אונזיכערער, וואָס מעהר עס וואַקסט אויס דער קאַפּי־טאַל און וואָס מעהר פּראָדוקטען מען פּראָדוצירט.

דער פּראָצעס פון קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג האָט זיך גענויטיגט אין אַן'אָנפאַנגס־קאַפּיטאַל, ד. ה. אַזאַ קאַפּיטאַל, וועלכער איז ניט די פרוכט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, נאָר זיין

אָנהויב. פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען דער קאַפּיטאַל? דעם פּראָצעס, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דער קאַפּיטאַל, רופט מאַרקס אָן „דער פּראָצעס פון אָנפאַנגס־אָנזאַמלונג", און ער ערקלערט דאָס אויף אַזאַ אופן: „די קאַפּיטאַליסטישע בעציהונגען סטאַרען זיך אָבצוטיילען דעם אַרבייטער פון איינענטום, ד. ה. פון די פּראָדוקציאָנס־מאַטעריאַלען, אין דער צייט, ווען זיי אַרבייטען אויס די פּראָדוקטען. ווען דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן שטעהט שוין אויף די פיס, היט ער אָב ניט נאָר די „אָבטיילונג", נאָר ער מאַכט דאָס נאָך אַליין אין ברייטערע מאַסען, און דערבעד פערשטעהט זיך, אַז דער פּראָצעס, וועלכער בעשאַפט די קאַפּיטאַליסטישע בעציהונגען, איז אַ פּראָצעס פון אָבטיילען די אַרבייטער פון די אַרבייטס־כלים — אַ פּראָצעס, וועלכער מאַכט פון איין זייט די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַל און פון דער אַנדערער זייט דעם דירעקטען פּראָדוצענט פאַר אַ לויהן־אַרבייטער". דער אָבטיילונגס־פּראָצעס איז פאָרגעקומען, ווען די געזעלשאַפט איז איבערגעגאַנגען פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג צו דער קאַפּיטאַליסטישער. אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט איז דער דירעקטער פּראָדוצענט, דער אַרבייטער, געווען געבונדען מיט די צעהען. ער האָט ניט געקאָנט פריי אויסנוצען זיין אַרבייט. כדי ער זאָל קענען ווערען אַ לויהן־אַרבייטער, האָט מען איהם געמוזט פון איין זייט געבען פערזענליכע פרייהייט, און פון דער אַנדערער זייט צונעהמען ביי איהם די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

דער פּראָצעס פון אָנפאַנגס־אָנזאַמלונג איז פערשידען. דער ערד־איינענטום־קאַפּיטאַל ווערט בעשאַפען קודם כל דורך דעם, וואָס מען נעהמט צו ביי די פויערען די ערד (עקספּראָפּריאַציע). דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין ענגלאַנד אין סוף פון 15־טען יאָהרהונדערט און אין אָנהויב פון 16־טען. די פעאָדאַלע גוט־בעזיצער האָבען אַרויסגעיאָגט די פויערען, צערשטערט זייערע וואָהנונגען און געמאַכט פון אַקער־פעלד לאָנקעס צו פיטערען די שעפסען. די געזעצען, וועלכע האָבען דאָס פערבאָטען, האָבען נאָר ניט געהאָלפען. דער ווייטערער גאַנג פון דעם פּראָצעס איז געווען די קאָנפיסקאַציע פון דער קירכען־ערד, וועלכע איז פערקויפט געוואָרען צו פערשידענע ספּעקולאַנטען, אין דער איינענער צייט, ווען די איינוואָהנער פון דער ראָזינער ערד זענען געוואָרען פּראָלעטאַריער. אַ דאַנק דעם,

וואס מען האט פערניכטעט די פעאדאלע היובים און אויף זייער ארט איינגעפיהרט אבצאהלונגען, איז דאס פעאדאלע איינענטום געווארען א בורזשואזע. דערצו מוז מען נאך צוגעבען, אז די גוט-בעזיצער האבען אויך צוראבירט דאס מלוכה-פערמעגען און די געמיינדע-איינענטומען. צוזאמען מיט די געוואלדיגע רציחות געגען די פויערען און וואס מעהר עס זענען אויסגעוואקסען פראלעטאריער, האט מען אויך ארויסגעגעבען די מערדערליכע געזעצען וועגען די בראדיאגעס, וועלכע האבען, איבער פערשטענדליכע סבות, זיך שטארק פערמעהרט. די געזעצען וועגען די בראדיאגעס, וועלכע האבען געשטרעבט צו פערקלענערען דעם ארבייטס-לויהן, זענען געבליבען אין דער מאכט ביז'ן אנהויב פון 19-טען יאהרהונדערט.

די אלע ערשיינונגען, וועלכע מיר האבען דא בעוויזען, האבען ארויסגערופען פון איין זייט גרויסע איינענטימער און פון דער אנדערער זייט דעם פראלעטאריאט. נאר פון וואנען האט זיך גענומען דער דארפישער קאפיטאליסט, דער ארענדאטאר? די ערשטע ארענדאטארס זענען געוועזן לייב-איינענע, דערנאך האבען זייער ארט פערנומען די ארענדאטארס, וועלכע האבען בעקומען פון זייערע גוט-בעזיצער תבואה-צו'ם זייען, בהמות און אקערבוי-כלים. זיי האבען געארבייט אויף העלפט, ד. ה. האלב פון דער הכנסה פאר דעם פריץ, האלב פאר זיך. דאס זענען געוועזען האלבע ארענדאטארס אין אמת'ן זין פון דעם ווארט, ביז עס האבען זיך ניט ענטוויקעלט די אמת'ע ארענדאטארישע קאנטראקטען. דאס וואס מען האט אבגענומען ביי די פויערן די ערד, האט נאך מעהר גענוצט פאר די ארענדאטארס. נאר נאך מעהר האבען זיי פערדיענט אן דעם, וואס די ווערטה פון געלד איז געפאלען אין 15-טען יאהרהונדערט, ווייל דער ארבייטס-לויהן איז געווארען א סך קלענער און די ערד-רענטע איז געבליבען די איינענע. אט אזוי ארום האט זיך אין ענגלאנד אין 16-טען יאהרהונדערט בעוויזען א רייכער קלאס קאפיטאליסטען ארענדאטארס.

באלד נאך דעם, ווי עס האט זיך נאר געבילדעט דער אקערבוי-קאפיטאל, האט זיך נאך איהם, ווי נאך זיין פאר-מדרגה, בעוויזען דער אינדוסטריעלער קאפיטאל. די פויערען, וועלכע מען האט ארויסגעיאגט און וועלכע זענען געווארען פראלעטאריער, האבען צוגעשטעלט דעם קאפיטאל לויהן-ארבייטער און אויך בעשאפען זיין

אינערליכען מארק, ווייל די ארבייטער, וועלכע האבען פריהער אליין פראדוצירט פאר זיך די געברויכס-מיטלען, האבען יעצט געמוזט זיי קויפען. דער אינדוסטריעלער קאפיטאל אליין האט זיך געבילדעט אויף פערשידענע אופנים. קודם כל איז דער גרעסטער טייל פון די צעהען-מייסטערס מיט דער צייט געווארען אליין קאפיטאליסטען. יעצט ווייטער דער וואכער-קאפיטאל און דער האנדעלס-קאפיטאל האבען נאך דעם, ווי עס איז געפאלען די פעאדאלע און צעהאווע ארדנונג, בעקומען די מעגליכקייט צו ווערען א אינדוסטריעלער קאפיטאל. נאר נאך א וויכטיגערע ראלע אין דער בילדונג פון אינדוסטריעלען קאפיטאל האבען געשפּיעלט: „דאס קאלאניאל-סיסטעם, דאס סיסטעם פון די מלוכה-חובות, דאס נייע שטייער-סיסטעם און דער פראטעקציאניסטען-טאריף". די קאלאניאל-פאליטיק האט ארויסגערופען דעם גרויסען ערפאלג פון האנדעל מיט סחורות און מיט שקלאפען, און אויף אזא אופן האבען זיך געבילדעט גרויסע קאפיטאליסטען. א דאנק דעם סיסטעם פון מלוכה-חובות איז דאס געלד, וואס האט ניט געבראכט קיין ריוח, געווארען קאפיטאל, וועלכער האט ארויסגערופען די ענטוויקלונג פון די אקציאנס-געזעלשאפטען, בערזע-געשעפטען און די הערשונג פון די בענק. צוזאמען מיט דעם סיסטעם פון מלוכה-חובות זענען אויך גרעסער געווארען די אבצאהלונגען, וועלכע ליגען הויפּטזעכליך אויף דעם ארבייטער-קלאס. דער פראטעקציאניזם האט געהאט דעם ציעל „צו פאבריצירען פאבריקאנטען, עקספּראפּריאירען די אונאבהענגיגע ארבייטער, קאפיטאליזירען די נאציאנאלע פראדוקציאנס- און לעבענס-מיטלען; ער האט אויך מיט געוואלד צוגעיאגט דעם איבערגאנג פון דעם אלטען פראדוקציאנס-אופן צו א נייעם, א קאפיטאליסטישען".

ווי נאר עס האט זיך געבילדעט דער קאפיטאל און דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס-אופן האט עררייכט די גאנצע ממשלה, הויבט זיך אן א פערקעהרטער עקספּראפּריאציאנס-פראצעס. איין קאפיטאליסט שלינגט איין דעם צווייטען, דער גרויסער קאפיטאליסט דריקט דעם קליינעם, עס וואקסט אלץ מעהר די קאנצענטרירונג פון קאפיטאל אין די הענד פון איינציגע געלד-מאגנאטען, ביז וואנען דער פראצעס דערגעהט ניט צו א געוויסער גרענעץ. „די קאנצענטרירונג פון די פראדוקציאנס-מיטלען און דאס, וואס די ארבייט ווערט פערגעזעלשאפטליכט, קענען שוין מעהר ניט פערטראגען איהר קאפיטא-

ליסטישׁ הײַטעל אין עס פּלאַצט. עס קומט אָן דער סוף פון דעם קאַפּיטאַליסטישׁ־פּריוואַט־אײגענטום: מען עקספּראָפּריאירט די עקס־פּראָפּריאַטאָרען, ד. ה. מען נעהמט צו בײַ די אָבנעהמער".

איך האָב זיך געפּרובט אין דער דאָזיגער בראָשורע אָבצו־מאָלען אין אַלגעמײנע שטריכען די וויסענשאַפטליך־עקאָנאָמישע וועלט־אַנשויאונג פון מאַרקס'ן, אויף וויפיעל דאָס געפינט זיך אין ערש־טען טײל „קאַפּיטאַל". איך האָב פערפעהלט דאָס קאַפּיטעל, וואו מאַרקס מאָלט קינסטליך די לאַגע פון די ענגלישע אַרבײטער, פון וועלכע ער רעדט דאָ, איך האָב בלויז וועגען דעם דערמאָהנט. די לאַגע פון די אַרבײטער האָט פאַר מיר נאָר געדיענט אַלס אַ אילוסטראַציע, אָבער ניט אַלס בעווײַז אויף מאַרקס'ס טעזען. זאָל זײַן, אַז איך האָב אַ סך פערפעהלט, זאָל זײַן, אַז איך האָב גע־מאַכט טעותים, נאָר מיר דאַכט זיך פאָרט, אַז עס איז מיר גע־לונגען ריכטיג פאָרצושטעלען די יסודות פון מאַרקס'ס אַנשוי־אונגען — און דאָס אַלײן האָב איך טאַקי געוואָלט.

רעדענדיג וועגען דער ווערטה פון מאַרקס'ס אַרבײט, דאַרף מען בעמערקען, אַז מאַרקס האָט ניט געוואָלט געבען קײן גאַנץ נײַעם עקאָנאָמישען סיסטעם, ער האָט נאָר, ווי מען זעהט באַלד פון די נעמען פון זײַנע הויפּט־ווערק, געוואָלט פאָרשטעלען „די קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע". דעריבער געפינען מיר ניט בײַ מאַרקס'ן קײן סיסטעמאַטיזירטע גענויע ערקלערונגען און אויספאָרשונגען וועגען אַלע עקאָנאָמישע ערשײַנונגען און פּראָצעסען. ער בעגרענעצט זײַן אַרבײַט הויפּטזעכליך מיט דעם, וואָס ער שטעלט אַרויס אײניגע גרונד־כּללים, און דערנאָך פאָרשט ער אויס זײער ווירקונג אין פערשיעדענע צווײַגען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און הויפּטזעכליך זײער ווירקונג אויף די בעציהונגען צווי־שען דעם קאַפּיטאַל און דער אַרבײַט. זײַנע הויפּט־כּללים בעריהרען: די טעאָריע וועגען ווערטה, געלד־טעאָריע, טעאָריע וועגן קאַפּיטאַל און די טעאָריע וועגען מעהר־ווערטה. דער הויפּט־יסוד פון דער טעאָרעטי־שער געבײַדע איז זײַן טעאָריע וועגען מעהר ווערטה. דאָ געהט מאַרקס אַרויס פון דעם כּלל, וועלכען אַדאַם סמיטה און ריקאַרדאָ האָבען נאָך געזאָגט, אַז די אַרבײַט אַלײן בעשאַפט די ווערטה. אַ חוץ דעם, מוז מען אַנערקענען, אַז מאַרקס'ס פערדיענסט בעשטעהט אין דעם, וואָס איהם איז געלונגען אויסצופיהרען די פאָלקאָמע בעֶ־

שלוסען פון דעם טעזיס, וועלכען מיר האָבען ערשט דערמאָהנט, און אַזוי אַרום האָט ער בעשאַפען אַ גאַנצע און אַ גוט־אויסגעאַר־בייטע ווערטה־טעאָריע.

מאַרקס בעטראַכט די ווערטה פון דער סחורה ניט ווי אַ צופעליגע זאַך, ניט אַלס אַ רעזולטאַט פון אויסערליכע בעציהונגען, נאָר אַלס אַנאייגענשאַפט, וועלכע קען ניט אָבגעטיילט ווערען פון דעם בעגריף וועגען סחורה, פונקט ווי מען קען ניט אָבטיילען די סחורה פון דער אייגענשאַפט, אַז זי האָט אַ געוויסע וואָג, קאָליער א. ז. וו., אָהן שום הלוק וועגען וואָס פאַר אַ מין ווירטשאַפטליכע זאַך מען רעדט דאָ, בעטראַכט ער יע־דע ווערטה אַלס אַ פּראָדוקט פון מענשליכער אַרבייט. ער קוקט ניט אויף דער סוביעקטיווער נאַטור פון דער ווערטה און אויף דעם הלוק, וועלכער שטאַמט פון דעם אַרוים צווישען דער אינדיווידועלער און געזעלשאַפטליכער ווערטה, האָטש נאָר מיט דעם דאָזיגען הלוק קען מען ערקלערען די ווירטשאַפטליכע עקאָנאָמישע ווירקונג פון דעם טויש־פּראָצעס. מאַרקס אַנערקענט ניט, אַז די נאַטור פון ווערטה איז צווייזייטיג. די אייגענשאַפט פון סחורות צו בעפריע־דיגען די מענשליכע בעדערפנישען, ד. ה. זייער געברויכס־ווערטה האָט לויט מאַרקס'ן קיין שום ווירקונג ניט אויף דער טויש־ווערטה. די טויש־ווערטה העננט נאָר אָב פון דער גרוים פון דער פּראָ־דוקציאָנס־ווערטה, וועלכע ווערט אויסגעמאָסטען מיט דער צאָהל אַר־בייטס־צייט, וואָס מען האָט אויף איהר פערברויכט. ער לייקענט אָב די ווירקונג פון דער נאַטור אויף דער טויש־ווערטה, און אַזוי אויך דעם זעלבסטשטענדיגען איינפלוס פון די כלים און פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, וועלכע זענען אַליין אויך אַ רעזולטאַט פון מענש־ליכער אַרבייט. אויב מאַרקס זאָגט יעצט, אַז די ווערטה פון דער סחורה ווערט אויסגעמאָסטען ניט מיט דער צאָהל אַרבייט, וועלכע עס האָט גלאַט פערברויכט דער אַרבייטער, נאָר מיט דער צאָהל פון דער געזעלשאַפטליך־אונבעדינגטער אַרבייט, פער־שטעהט זיך, אַז דאָס קען מען ניט אָבלייקענען.

כדי די אַרבייט זאָל בעקומען איהר ריכטיגע ווירקונג מוז מען פריהער אַלע אַרבייטען אויסגלייכען צו איין געוויסע סומע. נאָר די מעגליכקייט אויסצוגלייכען איז, ווי מיר דאַכט זיך, נאָך ניט בעוויזען געוואָרען ניט דורך מאַרקס'ען און ניט דורך ראָדבערטוס'ען. נאָר

אונטער דעם איינפלוס פון דער נאכפראגע און פארלאנגע, וועלכע מארקס איגנארירט, ערשיינט דאס אין דער פארם, אז עס ווערען רעגולירט די ווערטהען פון פערשידענע סחורות. נאר אממעהרסטען בעווייזען זיך די חסרונות פון מארקס אביעקטיווע ווערטה־טעאריע, דאמאלס, ווען ער וויל ארויסדריגען דעם בעגריף וועגען דעם פרייז פון דער ארבייטס־ווערטה און בעשטימען דעם פרייז בלויז אלס א געלד־ארויסדריק פון דער ווערטה, ווייל די צוויי בעגריפען וועגען ווערטה און פרייז זענען נישט שטענדיג גלייך. מארקס מוז דעריבער ערקלערען די ניט־גלייכהייט אלס א רעזולטאט פון א בעזונדערן פראדוקציאנס־אופן, „ווען די געזעצען ערשיינען נאר ניט קלאר און טרעטען אסך מאל אב פון ווענ״. מארקס'ס געלד־טעאריע שטעהט אין ענגער פערבינדונג מיט דער ווערטה־טעאריע. די איידעלע מעטאלען ערפילען די פראדוקציאן פון געלד נאר אויף אזוי פיעל וויפיעל זיי אליין זענען ווערטה, ד. ה. ארבייטס־פראדוקטען. די פערשידענע ראליעס פון געלד זענען ביי איהם זעהר גוט אויסגעמאלט. נאר פונדעסטוועגען בעמערקט מען דא אויך א שטיקעל איינזייטיגקייט, וועלכע בע־שטעהט אין דעם, וואס ער בעטראכט געלד אלס סחורות און דייער ווערטה איז אזוי גרויס לויט וויפיעל ארבייט עס געפינט זיך אין זיי. און געלד אלס א מלוכה־ארדנונג האט מארקס, אויב ניט אינגאנצען הורכגעלאזען, אבגעהוקט אויף דעם הינטערשטען פלאן. זיינע קורצע בעמערקונגען וועגען מלוכה־פאפירען און קרעדיט־געלד זענען אזוי אמת, אז עס וואלט זיך זעהר געוואלט, דורך דעם וואס די דאזיגע פראגען זענען נאך זעהר פערפלאנטערט, אז ער זאל ווייטער ענט־וויקלען די דאזיגע בעמערקונגען.

אויב מארקס ערשיינט אלס א זעלבסטשטענדיגער דענקער אין זיין ווערטה־טעאריע און געלד־טעאריע, טרעט ארויס זיין גאנצע קראפט און אריגינאליטעט אין זיין טעאריע וועגען קאפיטאל און נאך מעהר אין דער טעאריע וועגען מעהר־ווערטה. ער בעטראכט ניט דעם קא־פיטאל אלס פיעל־ווייניג בעגרענצטען בעגריף וועגען פערשידענע פראדוקציאנס־זאכען, ער בעטראכט דעם קאפיטאל אלס די געלד־סומע, וועלכע ווערט בעשטימט צו בעשאפען מיט דער הילף פון לוהן־ארבייט און ניט לעבעדיגע פראדוקציאנס־מיטלען — סחורות. אויף אזא אופן קומט אויס, אז מארקס מאכט קלענער דעם בע־גריף וועגען קאפיטאל לויט ווי עס איז אנגענומען אין אונזער לעה־

רע, ווייל דאס, וואס ער רופט אן קאפיטאל, איז נאר איין פארם פון קאפיטאלס-ערשיינונגען. מען דארף אבער צוגעבען, אז טאק: די פארם פון קאפיטאל אונטערשיידעט זיך מיט אזעלכע האראקטעריסטישע אייגענשאפטען, וועלכע גיעבען דעם טאן און די גאנצע פארב פון דער היינטיגער עקאנאמישער ארדנונג. אט וואס מיר קענען ענטפערען וועגען דעם, וואס דער בעגריף איז עטוואס פערקלענערט.

די טעאריע וועגען מעהר-ווערטה, וועלכע איז ווי דער יסוד פון מארקס'ס גאנצער עקאנאמישער געביידע, שטעהט איין מאל אויף דעם, וואס די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט פראגרעסירט, און אויך אויף דעם פאקט, וואס דער קאפיטאל נעהמט ארויס פון פראדוקציאנס-פראצעס א גרעסערע ווערטה, וויפיעל ער האט אריינגעלעגט. די דאזיגע עודף-ווערטה בעקומט דער קאפיטאליסט לויט מארקס'ן אויף דעם השבון פון דער לעבעדיגער ארבייט, וועלכע ער האט געקויפט. באמת איז דער עודף אויך א פראדוקט פון די אונלעבעדיגע פראדוקציאנס-מיטלען, וועלכע זענען אליין אויך א פראדוקט פון דער מענשליכער ארבייט. פון דער טעאריע וועגען מעהר-ווערטה קומט שוין ממילא ארויס זיין לעהרע וועגען קאפיטאל-אנזאמלונג. דאס, וואס מארקס רופט אן „אנפאנגס-קאפיטאל-אנזאמלונג-פראצעס", דאס איז נאר איין פראצעס, וועלכער איז פארגאנגען דעם שטענדיגען פראצעס פון קאפיטאל-אנזאמלונג. דעם אמת'ען ריכטיגען אנהויב פון קאפיטאל בעריהרט מארקס נישט. דער טייל פון זיין ארבייט, אין וועלכען ער ערקלערט אזוי גלענצענד און אזוי גענוי דעם היסטארישען גאנג פון דער אנזאמלונג פון נייעם קאפיטאל, איז, לויט אונז, אויך די שוואכסטע זייט פון זיין טעארעטישער ארבייט. דא קען ער ניט, ניט אריינפאלענדיג אין קיין ווידערשפרוך, מודה זיין, אז דער אמת'ער קוואל פון ערשטען קאפיטאל איז בעשאפען געווארען דורך דער דירעקטער ארבייט. אז מארקס האט ניט געענצליך פערווארפען אט דעם אמת, זעהט מען פון דעם, וואס ער איז אליין אין א סך ערטער מודה, אז אין איינציגע פעלען האבען צעה-מייסטערס אליין ערר־יכט די מדרגה פון קאפיטאליסטען. צו'ם סוף מוז מען נאך צוגעבען, אז מיינע פריהערדיגע מיינונגען, אין וועלכע איך האב ניט אנערקענט מארקס'ען, זענען געווען בעגרינדעט אויף דעם, וואס איך

האב ניט גענוג און, פערשטעהט זיך, אבערפלעכליך פערשטאנען
דאמאלס דעם שרייבער. מיט דעם דאכט זיך קען מען אויך ער־
קלערען דאס, וואס מאקס האשער, אייזענארט און די ו־
ר ינג זענען אזוי שטארק אנגעפאלען אויף מארקס'ען. זייער
שרייבען פאסט ניט פאר זיי אליין און ניט פאר מארקס'ען.

---

פערלאג „די פראלעטארישע וועלט".

## עס זענען ארויס פון דרוק:

1) פ. ענגעלס. דער וויסענשאפטליכער סאָציאליזם. פרייז 15 קאָפּ.
2) ד"ר ג. גראסס. די עקאָנאָמישע שיטה פון ק. מארקס. „ 8 „
3) א. קאמענסקי. ראָבערט אָווען, זיין לעבען און געזעל-שאפטליכע טהעטיגקייט. „ 14 „

## עס דרוקען זיך:

1) ק. מארקס און פר. ענגעלס. דער מאַניפעסט פון דער קאָמו-ניסטישער פארטיי (מיט דער הקדמה פון ג. פלעחאנאָוו).
2) א. בעבעל. די סאָציאליזירונג פון דער געזעלשאפט.
3) ב. באקס. די געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע.
4) *** דער ארבייטס-טאָג און זיין בעדייטונג.
5) פר. ענגעלס. די ענטשטעהונג פון דער פאמיליע און אייגענטהום.
6) ק. קאוטסקי. לוין-ארבייטער.
7) ב. באקס. די געשיכטע פון דער פאריזער קאָמונע.
8) א. ריקלים. חסידיזם.
9) וו. וואדאוואזאוו. מאלטוס, זיין לעבען און זיין שיטה.



וכהאנדלונגען.